


№ 84

# נבֵלָה

א דראמא אין
פיער אקטען פון
פּרץ הירשביין.

פּרייז 15 קאפּ.

פערלאג „די וועלט“
ווילנא — 1907.

# נבֵלָה

א דראמא אין
פיער אקטען פון
פרץ הירשביין.

פערלאַג „די וועלט"
ווילנא — 1907.

---

П. Гиршбейнъ. НВЕЙЛЭ. Драма въ 4 актахъ.

# נבֵלָה

## א דראמא אין פיער אקטען.







Печатано въ Тип. «Вдова и братья Роммъ» Вильна,
Уголъ Духовскаго и Глухого пер. соб. домъ № 1/.

Набрано въ Тип. Баскинда Вильна, Завальная ул. д. Троцкаго

## פערזאנען:

אברוש, א געוועזענער פערד-הענדלער 50 יאהר.

ברײנע, זײן צווײטע פרוי, 35 יאהר.

רײזעל, ברײנע'ס טאכטער, 17 יאהר אלט.

מענדיל נבלה, 22 יאהר
נחמה'ל, 16 יאהר
| אברוש'עס קינדער פון זײן ערשטער פרוי.

שפרינצע, אברוש'עס ערשטע פרוי, 50 יאהר.

גיטעל, 50 יאהר.

בעריל חזיר, א קצב, 23 יאהר.



# דער ערשטער אקט.

## ביי אַברוש'ן אין דירה.

אַ קעלער-וואוינונג פון איין צימער. אַ רונד-געוועלבטער שוואַרצער סופיט. די פענסטער קליין און איינגעבראָכען אין דער וואַנד. ס'איז שווער צו מערקען פון וואַנען עס קומט אַהין אַריין די שיין. ביי-טאָג איז דאָרט אויף האַלב פינסטער. ניט ווייט פון טיהר שטעהט אַ שוואַרצע הרובע. אין ווינקעל שטעהט אַנ'אַלטע הילצערנע בעט. ביי די וואַנד איז געמאַכט געוואָרען פון ברעטער טאַפּטשאַנעס צום שלאָפען. די טיהר עפענט זיך אין איין פינסטערעס הייזעל, וואו עס שטעהען טרעפּ אַרויסצוגעהן אויפ'ן הויף. נעבען די פענסטער שטעהט אַ האַלב-צובראָכענער טיש, נעבען איהם אַ פּאָר בענקלאַך. איבער'ן טיש הענגען אַ פּאָר אָבגעבראָכענע בילדער אהן רעמלאַך.

פורים-צייט. נאַכט. דעם קעלער בעלייכט אַ קליין פעררוכערט לעמפּעל, וואָס הענגט אויפ'ן וואַנד.

---

אויף איין געלעגער זעהט זיך אַברוש, ער ליגט שכור אין די זאַכען, זיין בראָפּען הערט זיך איבער'ן גאַנצען שטוב. ביים טיש זיצט רייזעל אָנגע-שפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענד. אַ לאַנגע פויזע.

**רייזעל** (אַ מיטעלער וואוקס. דאָס געזיכט מאָגער. די האָר אין אונאָרדענונג. די מלבושים, ווי זיי וואָלטען הענגען אויף איהר. אויף איהרע באָרוועסע פיס—צעריסענע קאַלאָשען. זי הויבט אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך אַרום, בעמערקט אַברוש'ן, שפּייט אויף איהם מיט עקעל. שפּאַצירט אַ ווײַלע אום איבער'ן צימער. נעמט אַרויס פון קעשענע אַנ'איינגעוויקעלט בריוו'ל און פּרובירט לעזען פאַר'ן לעמפּעל).

**אַברוש** (הויבט אויף דעם קאָפּ. ניסט).

**רייזעל** (בעהאַלט דעם בריוו'ל, געהט צום טיש).

**אַברוש** (רעדט מיט אַ הייזעריגען קול). האַ?.. וואָס זאָגסטו?

**רייזעל.** קיינער רעדט ניט צו אייך: ס'חלום'ט זיך איהם.

**אַברוש** (קערט זיך איבער צו דער וואַנד). די ערד ט'שוין צו-גענומען די מאַמען דיינע?

**רייזעל** (שפּייט אויף איהם מיט כעס).

**אַברוש.** אין דער מאַמען דיינער זיצט אַ גלגול פון אַ וואַלד-

גזלן; אין דער מאַמען דיינער... (נאָך אַ קליינער פויזע) וואו איז זי געגאַנגען, דיין מאַמע, וואו?

רייזעל (ענטפערט איהם ניט. ברומט אַ ניגונ'לע אונטער'ן נאָז)

אַברוש. וואָס ברענסטו אומזיסט אויס די קעראָסינע, וואָס?

רייזעל. איהר קענט ניט שלאָפען?

אַברוש. זאָג דיין מאַמען... זאָג דיין... זאָג... (פויזע הערט זיך ווידער אַברוש'ס כראָפען).

בעריל חזיר (אַ געזונדער בחור. געלע האָר. די היטעל אָן אַ זייט. זיין געזיכט איז שטענדיג פריילעך. קומט פאָרזיכטיג אַריין) אַ האַ! די פופע איז אין שטוב! געוואַרט אויף מיר, האַ?

רייזעל (ווינקט אויף אַברוש'ען). וועק נאָר ניט אויף דעם טייוועל דאָרטען.

בעריל. ווער איז דאָרט, אַברוש? (נעמט איהר האַנד. בויגט איבער רייזעל'ען, ווי ער וואָלט איהר וועלען אַ קוש געבען).

רייזעל (קערט זיך אָב. רייסט אַרויס איהר האַנד). געה, גאָר אָהן רחמנות דריקסטו! (גיט איהם אַ קלעפעל איבער'ן פלייצע).

בעריל. ע, ע, רייזעלע—בעריל האָט פיינד אומזיסט צו פראַצעווען (נעמט איהר האַנד). שרעק זיך ניט. כ'וועל מעהר ניט דריקען. עס געהט נאָך ניט קיין בלוט? ווייז, וועל איך אַ קוש געבען, וועט ווערען די האַנד צוריק געזונד.

רייזעל (קאָקעטיש). האָסט אין איהר אַ גרויסען חלק אַריינגעלעגט? (וויל בעפרייען איהר האַנד).

בעריל (קוסט איהרע שפיצען פינגער). אַך, ווי זיס, ווי זיס! ציילט איהרע פינגער) איינס... צוויי... דריי... (קוקט איהר אין פנים) פופע! דו ווילסט אַ פינגער'ל?

רייזעל. קויף, וועסטו זעהן.

בעריל (בעוויזט אויף איהר מיטעלסטען פינגער). אָט אויף דעם פינגער, גוט?

רייזעל. קויף וועסטו זעהן.

בעריל. אָבער אַ קיילעכדיג פינגער'ל, אַ גלאַטעס אָהן אַ שום שטיינדעל?...

רייזעל (פערוויטעלט זיך. פריילעך). קויף, וועסטו זעהן (פויזע).

בעריל (קוקט אָן רייזלען מיט אַ סעריאָזנעם געזיכט).

רייזעל. וואָס ביזטו אַזוי אומעטיג געוואָרען?

בעריל. וואָלסטו זעהן, פופע, ווי כ'האָב היינט געקנאָטען צוויי מוזשיקעס!



רייזעל. היינט?

בעריל. ביי טאָג.

רייזעל. פאַר וואָס?

בעריל. זיי האָבען זיך געבעטען.

רייזעל. בעסער זאָג מיר, בעריל, ווען וועסטו קויפען דאָס, וואָס דו האָסט געזאָגט?

בעריל. דו לאַכסט...

רייזעל. איך לאַך גאָר ניט. קויף, וועסטו זעהען (פויזע).

בעריל (ערוואַכענד). אַ פייער אויף זיי! מען האָט פאַר דיר אָנגערעדט? (בלייבט שטיל אַ ווײַלע). טפו, ימח=שמם זאָלען זיי ווערען

רייזעל. אויף מיר ביזטו אין כעס?

בעריל (שווייגט אומעדיג).

רייזעל. בעריל?

בעריל. „בעריל חזיר“ כ'פערשטעה... מען האָט דיר אָנגערעדט און דו הערסט זיך צו...

רייזעל. איך? אויף מיר ביזטו אין כעס? זאָג, בעריל! (לאַכט) נו, וואָס איז מיט'ן רינגעלע?

בעריל (שפאַצירט אום שטיל).

רייזעל (חנ'עוודיג). בערעלע, דו שרייבסט אַליין בריעף? דו קענסט שרייבען?

בעריל (פערשעמט). איך?... איך שרייב אַליין, אודאי שרייב איך אַליין.

רייזעל. דו האָסט אַ פיינעם האַנדשריפט (נעמט אַרויס פון קעשענע אַנ'איינגעוויקעלט בריוול). דאָס איז דיין כתב, בערעלע? בערעלע (נעמט איהם פאַר'ן האַנד). אוי, בערעלע...

בעריל (ווערט רויט). אויף מיינע נאמנות, איך שרייב אַליין, אַ פייער אויף זיי!

רייזעל. וועמען שילסטו דו?

בעריל. איך ווייס וואָס איך שילט; איך וועל שילטען און—איך וועל נאָך דעם שאַרבען אויך שפאַלטען—זיי וועלען ביי מיר שרפ'ענען!.. (וויינך) דו האָסט געלעזען?

רייזעל. אַ שווערער האַנדשריפט. נאַ לעז מיר איבער, וואָס דו האָסט געשריבען (גיט איהם דאָס בריוול).

בעריל (עפענט דאָס בריוול). נאָך וואָס זאָל איך לעזען?

רייזעל. איך וויל ויסען, וואָס דו האָסט דאָרטען אָנגעשריבען? דיין נאָמען „בעריל“ האָב איך גלייך דערקענט, עפענ־דיג, האָב איך דערזעהן.

בעריל (גיט איהר אָב דאָס בריוועל). נאַ, דו ווייסט אַליין וואָס אין דעם איז געשריבען... דו ווייסט, ריזעלע? (פּויזע).

ריזעל. דו ווילסט, בעריל, זיין אַ גוטער?

בעריל. ווער האָט דיר געזאָגט, אַז איך בין אַ שלעכטער?

ריזעל. אַזוי; איך פרעג גלאַט אַזוי.

בעריל. פֿונדיינעטוועגען?

ריזעל. פֿאַר מיר.

בעריל. פֿונדיינעטסוועגעוועט „בעריל“ אַלץ טהאָן; אויב ריזעל וועט נאָר הייסען.

ריזעל (בעווייזט אויף איהרע פּנים). זעהסט, איך בין באָרוועס.

בעריל. האָסטו גאָר קיין שיך ניט?

ריזעל. כ'האָב ניט. די מאַמע האָט זיי פֿערקויפֿט; אפֿשר האָט זי זיי בעהאַלטען.

בעריל. וואָס הייסט?

ריזעל. איך זאָל ניט קענען אַרויסגעהן פֿון שטוב. און איך וויל בשום אופן ניט שלעפען זיך אין די גאַסען מיט די קאָשען פּיש.

בעריל. אַ בייזער יאָהר אויף דער מאַמען דיינער!

ריזעל. נו וואָס?

בעריל. שיך ווילסטו? (גיט איהר אַ קלעפּעל אויפ'ן פּלייצע) וועסט האָבען שיך!

ריזעל. מיט קנעפּלאַך?

בעריל. אפילו געשנירטע, אויב דו ווילסט

ריזעל. וועסט אויסגעבען מעהר ווי דריי רובל?

בעריל (נעמט אַרויס זיין טייסטעריל). זעה וויפֿיל געלד ס'וועט נאָך סטייען אויף שיך.

ריזעל (טאַפּט). פֿון וואַנען האָסטו עס אַזוי פֿיל געלד

בעריל. נעם דיר, אויב דו ווילסט.

ריזעל. די גאַנצע געלד?

בעריל. אפילו אין גאַנצען, אויב דו ווילסט — איך בין „בעריל“. דו פֿערשטעהסט! (מיט התלהבות) איך בין „בעריל חזיר“, איך... איך האָב געלד, איך האָב אַלץ, אַלץ האָב איך... איך בין „בעריל חזיר“! (בלייבט שטיל אַ ווײלע. פֿערשעמט זיך פֿאַר זיינע אייגענע ווערטער), ריזעל, זאָג, דו ווילסט אַ זייגער מיט אַ גאָלדענע קייט?

ריזעל. וואו וועסטו נעמען?

בעריל. איך וועל קריגען, אויב איך ווער ועלען—



דו ווילסט? אָבער זאָג!

ריזעל. (שפּאַצירט אום). אָבער זאָג מיר, בעריל...

אַברוש (כאַפּט זיך אויף. זעצט זיך אַנידער אָהן ווערטער).

ריזעל. אָט האָסטו דיר.

בעריל. אַ ר' אבא...

אַברוש (ברומט). מהום... מהום... מהום...

בעריל. וויפֿיל מאָל האָט איהר היינט קידוש געמאַכט?

אַברוש (קראַצט זיך אין קאָפּ). בעריל?

בעריל. איהר האָט מיר ניט דערקענט?

אַברוש. כ'האָב דיך דערקענט... (קריכט אַראָב פֿון געלעגער. טראָגט אַ צעריסענעם האַלאַט. דאָס געזיכט שמוציג און מיט האָר בעוואַקסען). כ'האָב דיר שוין דערקענט; מהום... מהום... זי איז נאָך ניטאָ?

בעריל. וועמען וואַרט איהר?

אַברוש. אויף דער ארורה מיינער; אויפ'ן גלגול מיינעם, (בעווייזט אויף ריזלען) די מאַמע איהרע. בערעל? דו האָסט מיט איהר עסקים! דו האָסט... זי איז נישט בעסער פֿון דער מאַמען איהרער... די ערד האָט זיי געדאַרפֿט ביידען אין איין טאָג פֿערנעמען. ביידען אין איין טאָג... „יענע“ נו, טענה'ט, אַז זי האָט אָנגעטהאָן מיינע תחתונים... זי איז מיך מפרנס. „זי איז מיך מפרנס!“ פֿערשטעהסט?... און איידער איך האָב זי דערקענט בין איך דאָך פֿון הונגער אויסגעגאַנגען — פֿון הונגער — פֿערשטעהסט? וואָס זאָגסטו, בעריל, אַ? ווער בין איך? דוכט זיך דער אייגענער „אַברוש“ וואָס פֿאַר צוואַנציג יאָהרען—פֿאַר צוואַנציג יאָהרען! ווי דו זעהסט מיך לעבען. דאָס איז דער אייגענער אַברוש, וואָס מען האָט איהם גערופֿען „ר' אבא“, ר' אב-בא — ווי דו זעהסט מיך לעבען! מיינע פֿערד זענען געגאַנגען קיין פּרייסען—קיין פּרייסען—ווי דו זעהסט מיך לעבען; מחנות פֿערד—ווי דו זעהסט מיך לעבען... אָפֿיצערען זענען אויף מיינע פֿערד געריטען... גענעראַלען—ווי דו זעהסט מיך לעבען—גענעראַלען! האָט מען שוין געקענט שטאַרבען פֿון הונגער, אַ? וואָס זאָגסטו, בעריל? (בעווייזט אויף ריזעל'ס באָרוועסע פּים) דו זעהסט—קוק איהר נאָר אָהן... די מאַמע מיט דער טאָכטער... „האם עם הבת“, ווי אין זמירות איז געשריבען—וואָס זאָגסטו, בעריל?

בעריל. וואָס האָט איהר צו דער טאָכטער?

ריזעל. ער רעדט און דער הונד בילט — איז אַלץ איינס.

אַברוש (מאַכט מיט'ן האַנד) חצופה! דו הערסט, בעריל,

דו האָסט געהערט? כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז זי איז נישט בעסער פֿון דער מאַמען איהרער. (ועצט זיך אויפֿ'ן געלעגער, רעדט צו זיך אַליין). ווי אַ חלום זענען אַוועק מיינע גוטע יאָהרען, מהום... מהום... ווי אַ חלום... (פּויזע).

בעריל. קומט, אַברוש, איך וועל געבען אַריינצוכּוס'ענען.

ריזעל. ער האָט נעבאַך גאָר געפּאַסט היינט.

אַברוש (בעווייזט אויף ריזעל'ס באָרוועסע פֿיס). זעהסט, בעריל, זי איז דאָך אַ באָרוועסע. די מאַמע איהרע האָט איהר די שיך פֿערקויפֿט. בעגראָבען האָסטו בעדאַרפֿט די מאַמען דיינע, ע-ע-ס'איז שוין איין מאָל אַ מאַמע (שווייגט אַוויילע). בעריל?

בעריל. וואָס?

אַברוש. דו קענסט מיין טאָכטער. מיין נחמה'לען? דאָס איז אַ „קינד“! איהר שכל, דער „פּערשוין“ איהרער! גרויס געלערענט! (זיינע ווערטער רייסען זיך איהם איבער). כ'בין פֿערטריבען געוואָרען פֿון גן-עדן פֿערטריבען געוואָרען... די טאָכטער אַנטלויפֿט פֿון מיר (מיט טרערען). איך זעה זי קיין מאָל ניט אָן (בעווייזט אויף ריזעלען), אָ, ווער עס זיצט ביי מיר אין שטוב! נחמה'לע מיינע — איהר פּערשוין — אַ פּרינצעסען — אַ פּרינצעסען, ווי דו זעהסט מיך לעבען!... (ווישט די טרערען).

בעריל. ע, ר' אבא! ר' אבא! איהר וויינט גאָר, פֿע, פֿע, עס פּאַסט גאָר ניט פֿאַר אייך.

אַברוש (ווישט די אויגען). דו מיינסט, וואָס? איך בין פֿערקויפֿט געוואָרען, צו דער משומדת פֿערקויפֿט געוואָרען, אַריינגעפֿאַלען... מיין טאָכטער אַנטלויפֿט פֿון מיר. גאָר נישט לאַנג האָב איך זי געזעהן... פֿון קלאַס געגאַנגען — מיט די מיידלאַך געגאַנגען, ווי אַ שרענגע סאָלדאַטען זענען זיי געגאַנגען-שפּאַצירען מן הסתם... כ'האָב זיי דערקענט, און איך בין אַ טאַטע, בין איך... פֿערקויפֿט געוואָרען...

בעריל (נעמט איהם פֿאַר'ן האַנד). קומט, לאָמיר אַביסעל אָבנעצען דעם גומען.

ריזעל. וואוהין געהסטו?

בעריל (ווינקט מיט די אויגען). ווייסט דאָך וואוהין איך געה.

ריזעל (אין דער שטיל) און שיך?

בעריל. איך וועל...

ברײנע (אַ ביזע אידענע האַלט אין איין שילטען. אָבגעריסען. קומט אַריין אין שטוב. טראָגט אויף די הענד צוויי קערב).

אַברוש (צו בערלען). איך וועל שוין זיין אין שטוב... איך דאַרף שוין בלייבען אין שטוב, איך...



ברײנע (מיט גיפֿט). וואוהין? אַזוי שפּעט וואוהין?! (בעמערקענד בערלען בייט זי אום דעם טאָן). גוט אָווענד! אוי, די כּוחות געהן אויס—כ'פֿיהל גאָר ניט די הענד—אַזאַ טאָג! ס'איז שוין צו פֿיהלען דעם טאָג—לאַנג ווי אין זומער—אין דער ערד זאָלען זיי געהן; פֿון גרגרת רייסען זיי אַרויס. (צו אַברושען) וואוהין שלעפּסטו זיך אַזוי שפּעט? ווידער טראַסקען אין טיהר ביינאַכט? (צו בערלען) אַ ברכה פֿון גאָט, אַ?...

בעריל. פֿאַר וואָס צופּט איהר, ברײנע, אויס ר' אבא'ן דאָס גאַנצע בערדעל?

ברײנע. איך קען ניט זעהן, ווי ער לעבט אויף דער וועלט, פֿאַר אַזוינע מענשען איז אויף דער וועלט קיין אָרט ניטאָ... (צו ריזלען), וואָס זיצטו די הענד אונטער די זייטען?

ריזעל: וואָס זאָל איך דיר טהאָן?

ברײנע: וואָס?! (וואַרפֿט אַ שאַרפֿען בליק צו בערלען).

בעריל (געהט פֿערביי ריזלען. זאָגט איהר וואָס אין דער שטיל), אַ גוטע נאַכט! (געהט אַרויס זינגענדיג עפּעס אַ ניגונ'לע).

ברײנע (צו ריזלען). מיט בערעלען האָסטו שוין עסקים — אַ לעבעדיגע וועל איך דיך בעגראָבען! נאַקעט, אָהן אַ העמד וועל איך דיך לאָזען (אונטער'ן טיהר הערט זיך אַ געשלעג). ווער איז דאָרט? (אַלע קוקען צום טיהר).

מענדיל (פֿאַלט אַריין אין שטוב. פֿערמאַכט די טיהר. טראָגט אַ זאַק אויפֿ'ן פּלייצע). דער ממזר — אַ מפּלה אויף איהם! ער האָט מיך שיעור ניט דערשטיקט (וואַרפֿט אַראָב דעם זאַק).

ברײנע. איהר האָט געזעהן אַנ'אָרט אַביסעל צום שלאָגען זיך — אַ טוידטע בין איך געוואָרען (פּויזע).

אַברוש. מענדיל?

מענדיל. און אַז מענדיל

אַברוש. מענדיל!

מענדיל. וואָס?

ברײנע. גיב איהם אויף אַ גלעזעל בראַנפֿען.

מענדיל. אַז איך וועל וועלען, וועל איך געבען ביי קיינעם נישט פֿרעגען.

ברײנע. פֿון מיינעטוועגען מעגט איהר זיך אַלע שלאָגען קאָפּ אָן דער וואַנד.

אַברוש (געהט צום זעקעל, עפֿענט איהם פֿאָרזיכטיג און קוקט אַריין). אַ פֿעל... אַליין אַראָבגענומען, אַ?

ריזעל. ווידער געבראַכט צושלעפּען די נבלה אין שטוב אַריין!

אַבּרוש. בּיזט אַליין אַ „נבלה“! דאָס איז דאָך פֿינף רובּל איז דאָך עס!

ריזעל. ער וועט שוין אין גיכֿען בּריינגען צושלעפּען אַ גע'פּגר'טען פֿערד אין שטוב אַריין.

מענדל. אַ גרויסע יחסנ'טע. מיין יחסנ'טע. בּאָרוועסע פּריצטע!

בּריינע (צו ריזלען). וואָס האָט דאָ געטהאָן בּעריל־חזיר?

ריזעל. איך ווייס ניט.

בּריינע. (וואַרפֿט אויף איהר אַ קערבּעל) איך וועל דיך אַ לעבּעדיגע בּעגראָבּען — הערסט, ממזרת!

ריזעל. גיבּ מיר אָב מיינע שיך.

בּריינע. איך וועל נאָך פֿון דיר די העמד אויך אַראָפּ־נעמען און די שטוב פֿערשליסען... איך וועל אַוועקגעהען און די שטוב פֿערשליסען! וועסט וויסען, אַז איך בּין דיר אַ טאַמע — דיין טאַטע ליגט אין דער ערד... וועל איך זיך נעמען צו דיר. (שפּייט אויף אַבּרושען און מענדלען).

מענדיל. ריזעל! איך וועל דיר קויפֿען שיך. ווילסט, זאָג?

בּריינע. יסורים וועל איך פֿאַר אייך אַלעמען קויפֿען (פּויזע).

מענדיל (שלעפּט דעם זאַק צו אַבּרוש'ען). דו זעהסט, טאַטע, ס'אַ פֿעל!

ריזעל (לויפֿט צו, שטופּט איהם אָב). לעג אַוועק, זאָג איך דיר! איך וועל דיר דיין קאָפּ צופּלעטען — פּראָבּיר נאָר אַרויסנעמען — פּגר! נבלה!

אַבּרוש. חצופה!

מענדיל (וואַרפֿט אָב ריזלען צום טיש). אַוועק פֿון דאַנען, בּאָר־וועסע כֿאָליערע!

אַבּרוש. לאָז זי, מיין קינד; זי איז נישט בּעסער פֿון דער מאַמען איהרער. דאָס איז דאָך פֿינף רובּל, איז דאָך עס.

בּריינע (האַלט אין איין שילטען).

מענדיל (מאַכֿט צו דעם זאַק). מיין צוכֿט... פּרינצעסען... די פֿעל איז ריינער פֿון דיר מיט דיין מאַמען אין איינעם (אַ קליינע פּויזע. מענדיל זעצט זיך אין אַ ווינקעל שטאַרק צוטראָגען).

אַבּרוש (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). אוי נחמה'לע מיינע, נחמה'לע! פֿערטריבּען געוואָרען פֿון גן־עדן בּין איך פֿערטריבּען געוואָרען... זי אַנטלויפֿט פֿון מיר (צו מענדלען). האָסט איהר אפֿשר געזעהן, נחמה'לען?

מענדיל (שווייגט).

אַבּרוש. אַ? מענדיל!



מענדיל (אין כעס). לאָז מיך! (שטיל, יעדערער קוקט אין איין אַנדער ווינקעל. אַבּרוש זיפֿצט).

אַבּרוש (הויבּט זיך אויף, לאָזט אַראָבּ דעם פֿייער פֿון לעמפּעל).

בּריינע. אַ פֿינסטער זאָל דיר זיין! שכּור! ס'איז נאָך קנאַפּ פֿינסטער אין שטוב — וואָס טהוסטו? וואָס דרייסטו אַראָבּ דעם פֿייער?

אַבּרוש. מען טהוט דאָך סיי ווי גאָר ניט.

בּריינע. פֿון דיינע בּראַנפּען קאַרג — די כּפּרה זאָלסטו ווערען!

אַבּרוש (געהט צוריק אויף זיין אָרט, בּרומט). גזלן... רוצח... גזלן...

בּריינע. איך וועל אייך קאָרמענען... ווערעם וועלען אייך עסען (דרייט זיך אַרום איבּער'ן שטוב, ווי זי וואָלט וואָס זוכֿען). וואָלט איך אַזוי וויסען וואו איהר וועט אַהינקומען, ווי איך ווייס וואָס כֿ'האָבּ געוואָלט טהאָן — (בּלייבּט שטעהן אין מיט'ן שטוב).

ריזעל (געהט אַרויס).

בּריינע (וואַרפֿט זיך צום טיהר). וואוהין, משומדת? ! (ריזעל איז שוין דערווייל אויף יענער זייט טיהר.

מענדיל (אין אַ ווייַלע אַרום, צו בּריינען). דו מיינסט אַז כֿ'האָבּ מורא פֿאַר דיר, מיינסטו? וואָס פֿאַר אַ ווערדע האָסטו בּיי מיר אַזוי ווי גאָר נישט! כֿ'וויל דיך נאָר פֿרעגען איין זאַך, וויל איך דיך פֿרעגען.

אַבּרוש. מיין קינד, טשעפּע זיך ניט מיט איהר.

בּריינע. פֿרעסער, זויפֿער!

מנדיל. איך האָבּ שוין פֿאַר איהר קיין מורא נישט — נאָר איך וועל זי פֿרעגען איין זאַך וויל איך זי — פֿאַר וואָס שלאָגט זי ריזלען? פֿאַר וואָס? אַזאַ גרויסע מויד און זי שלאָגט איהר? די שיך האָט זי בּיי איהר צוגענומען — אַ מאַמע טהוט אַזוי? ווען דו וואָלסט געווען מיין מאַמע, וואָלט איך דיך דער־שטיקט — איצטער מעגסטו זיך קלאַפּען קאָפּ אָן וואַנד אפֿילו צעהן מאָל אין טאָג — אָבּער ריזלען (מיט התלהבות). זאָג מיר, פֿאַר וואָס שלאָגסטו ריזלען, זאָג?!

בּריינע (צושראָקען). ריזלען...

מענדיל (מיט אַ משוגנה'דיגע התלהבות). איך וועל זאָגען ריז־לען — איך וועל איהר זאָגען, אַז כֿ'וועל ניט לאָזען זי אָנרירען... איך וועל ניט לאָזען — כֿ'וועל דעם קאָפּ צופּלעטען!... איך וועל איהר קויפֿען שיך... פֿאַר מיינע געלד וועל איך איהר קויפֿען — און דיר וועלען מיר אויסהאַקען די ציינער דיינע... זאָג, פֿאַר וואָס

שלאָג—סטו רײַז—לען, אַ ?!

**אַברוש** (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ). פֿערטריבֿען געוואָרען פֿון גן־עדן... פֿערטריבֿען געוואָרען ... נחמה׳לע מײַנע ... דאָס איז דאָך אַ „מענש“. דער פערשוין איהרער; דער „גאַנג“ איהרער, אַ פֿרינצע־סען—אַ פרינצעסען! ווי דו זעהסט מיך לעבֿען!

**בֿריינע**. די כּפּרה זאָלסטו געהן אין אײנעם מיט דײַן טאָכֿטער!

**אַברוש**. חצופּה! דו הערסט, מענדיל? הערסט? פֿאַר וואָס שילסטו עס זי, אַ? חצופּה! חצו־פּה! דו ביזט דאָך איהר מינדסטען נאָגעל ניט ווערט!... זי איז דאָך אַ טייער קינד, (ציהט די ווערטער). דו ווייסט ווער מײַן נחמה׳לע איז? דו ווייסט? זי איז דאָך אַ פרינצעסען ... דער „פֿערשוין“ איהרער, דער „גאַנג“ איהרער—ווי האָסטו עס העזה זי צו שילטען, האַ?!

**בֿריינע**. פּיאַניצע! דײַן טאָכֿטער אַנטלויפֿט דאָך פֿון דיר; זי שעמט זיך דאָך צו קוקען אין דײַן מיאוס׳ע צורה אַרײַן.

**אַברוש**. זי האָט מורא פֿאַר דיר. ביזט דאָך אַ רוצח, אַ וואַלד־רוצח; זי האָט מורא, זי... (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ) דו ווייסט ווער מײַן נחמה׳לע איז? מײַן נחמה׳לע שעמט זיך ניט (וויינט), נ׳ניין, מײַן נחמה׳לע שעמט זיך ניט... זי האָט מורא... מו—רא האָט זי!... איך בין דאָך איהר טאַטע... זי האָט פֿאַר דיר מורא... אַ גזלן ביזטו, אַ וואַלד־רוצח ביזטו... איך בין איהר טאַטע... זי שעמט זיך ניט מיט איהר טאַטען!...

**בֿריינע** (שפּייט צו אַברושען). ווי צו דיר. — אַלטער שכּור. ס׳איז דאָך דיר מיאוס אין צורה צו קוקען...

**אַברוש** (זיפֿצט). ווי אַ חלום אַלץ אַוועק... ווי אַ חלום... (פּויזע).

**רײַזעל** (קומט אַרײַן. בלייבט שטעהן אין מיטען שטוב. קוקט וואו זיך צו זעצען).

**מענדיל** (קוקט אויף איהרע פּנים). רײַזעל!

**בֿריינע**. וואָס רײַזעל?! וואָס פֿאַר אַ רײַזעל איז זי דײַנע?!

**רײַזעל** (צוטומעלט). וואָס ווילט איהר פֿון מיר, וואָס ווילט איהר?

**מענדיל** (הויבט זיך אויף). קום צו מיר, רײַזעל, האָב קיין מורא ניט, וואָס האַרט דיר?....

**אַברוש**. לאָז זי, זי איז ניט קיין רעכֿטס...

**בֿריינע** (שרייט). נבלה!

**מענדיל** (ווערט צוטומעלט פֿון בֿריינעס געשריי. שטאַרקט זיך).



רײַזעל! הער, זי איז נישט דײַן מאַמע, זאָג איך דיר — זי איז אַ משומדת, זאָג איך דיר; זי וועט דיר נאָך הרג׳ענען, רײַזעל, שפּײַ איהר אין צורה, רײַזעל, שפּײַ!... איך וועל דיר קויפֿען שיך, איך... רײַזעל! איך וועל ניט לאָזען זי זאָל דיך שלאָגען... דו וועסט זעהן, רײַזעל! שפּײַ איהר אין צורה! (שלעפּט איהר פֿאַר׳ן אַרבעל).

**רײַזעל**. (רוקט זיך אָב). וואָס...וואָס ווילט איהר...

**בֿריינע**. נבלה! פגר! אַרויס פֿון מײַן שטוב, נבלה! (כֿאַפּט דעם זאַק מיט דער פֿעל און שלעפּט צום טיהר), אַרויס פֿון דאַנען, מיט דײַנע פגירות אין אײנעם—אַרויס! (טופּעט מיט די פֿיס).

**מענדיל** (רײַסט בײַ איהר אַרויס דעם זאַק).

**בֿריינע** (צו אַברושען). דו געה אויך פֿון דאַנען מיט דײַן זון, די נבלה!

**מענדיל** (עפֿענט דעם זאַק). איך וועל איהר בעווײַזען... איך וועל דיר בעווײַזען ווער „מענדיל“ איז... איך וועל איהר בעווײַזען, ווי צורופֿען (וויל אַרויסנעמען די פֿעל פֿון זאַק). דאָ אויפֿ׳ן מיטען שטוב...

**רײַזעל**. פֿערמאַך דעם זאַק! כ׳וועל דיר די צײַנער אויס־האַקען! פֿערמאַך! זאָג איך דיר!

**מענדיל** (וואַרפֿט דעם זאַק. ברומט וואָס, קוקט אָן רחמנות׳דיג רײַזלען). רײַזיל, פֿאָלג מיר, זי איז ניט דײַן מאַמע איז זי ניט— שפּײַ איהר אין צורה! האַק איהר אויס די צײַנער! מאָרגען קויף איך דיר שיך—פֿאַר דריי רובל שיך קויף איך דיר און דו וועסט געהן וואוהין דו וועסט ווילען ... נאַ דיר געלד, רײַזעל! (זוכֿט אין קעשענע פֿיבֿערהאַפֿט).

**רײַזעל** (צוטומעלט. קוקט מיט עקעל צו מענדל׳ען). וואָס ווילט איהר פֿון מיר? ... וואָס טהו איך אײַך?.. (וויינט) וואָס האָט איהר צו מיר?..

**אַברוש** (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ). פֿון גן־עדן... פֿערטריבֿען...

**מענדיל**. שפּײַ איהר אין צורה (שפּייט אויף בֿריינען).

**בֿריינע** (וואַרפֿט זיך מיט וואָוט אויף רײַזלען. פֿאַנגט איהר אָן שלאָגען מיט בײדע קולאַקעס אויפֿ׳ן קאָפּ). איך בין אַ מאַמע! איך בין אַ מאַמע! איך מעג שלאָגען!.. איך מעג!.. איך מעג!

**רײַזעל** (מאַכֿט אַ געוואַלד). ראַטעוועט מיך!..

**מענדיל** (לויפֿט צו, עס ווערט אַנ׳אַלגעמײַנער געשלעג).

**בֿריינע** (שלאָגט) איך בין אַ מאַמע! איך בין אַ מאַמע! האַ! האַ! האַ!...

**אַברוש** (קוקט זיך צו צו דער סצענע מיט אַנ׳אָפֿענע מויל און אויס־געבריטע הענד)

(פֿאָרהאַנג).

# דער צווייטער אקט.

די דעקאָראַציע ווי אין דעם ערשטען אַקט.

ר י ז ע ל (ליגט אויף אַ געלעגער. קרעכצעט פֿון שלאָף. אַ לאַנגע פּויזע).

אַ ב ר ו ש (קומט אַריין, שכור, פֿאַלט פֿון די פֿיס. קוקט זיך אַרום. ברומט וואָס. בעמערקט ריזלען און פֿאַנגט אָן צו געהן צו איהר). ר־ריזעל... (געהט צו צו איהר, גלעט איהר פּלייצע).

ר י ז ע ל (דערשראָקען). ווער איז דאָרט? (בעמערקט אַברוש'ן), וואָס זוכט ער דאָ? איהר האָט דאָ אַ חלק אַריינגעלעגט?

אַ ב ר ו ש (שטעהט ווי אַ צוגעשמידטער צו זיין אָרט, שאָקעלט זיך) ר־ריזעל... ביזט דאָך מיין טאָכטער — ביזטו דאָך, אַ, ריזעל... מיין ט־טאָכטער (וויל איהר גלעטען איבערן קאָפּ).

ר י ז ע ל (זעצט זיך). וואָס ווילט איהר פֿון מיר?! איך בין נישט אייער טאָכטער... געהט זיך צו אייער נחמה'לע... געהט צו איהר... איך קען נישט הערען, עס הערט זיך בראַנפֿען פֿון אייך ווי פֿון אַ חזיר, געהט...

אַ ב ר ו ש (פֿערדעקט זיין מויל). נ־ניין, נ־ניין... נחמה'לע איז מיין טאָכטער... זי... זי... אַנטלויפֿט, נחמה'לע... שעמט זיך נחמה'לע, דו ז—זיי מיין טאָכטער (וויל איהר נעמען פֿאַר'ן האַנד) ז־זיי מיין טאָכטער ז־זיי...

ר י ז ע ל (טרייבט איהם). וואָס ווילסטו פֿון מיר? רבונו של עולם! וואָס איז ער צוגעשטאַנען צו מיר?! (אין כעס) אַוועק פֿון מיר!

אַ ב ר ו ש (קען ניט איינשטעהן). נ־נו... כ'וועל דיר רופֿען „נחמה'לע"... דו ז...זיין... ז—זיין נחמה'לע (טרעט אָב פֿון איהר) אַבאָ, אַבאָ, אַברוש! (בלייבט שטעהן אין מיטען שטוב, דער קאָפּ אַראָבגעהאַנגען), וואָס איז פֿון דיר געוואָרען, אַברוש? וואָס? וואָס? (וויינט) אַלע געדענקען דיך נאָך... אַלע האָבען געקענט ר' אַב־באַ'ן (שרייט) רר־ב אַב־באָ!

ר י ז ע ל. ווער האָט דיר געהייסען ווערען אַ פּיאַניצע, אַ? האָסט נישט געקענט זיין ווי אַלע מענשען, אַ?

אַ ב ר ו ש. דיין מאַמע... אין דער ערד! אַ וואַלד־גזלן — אַ רוצח!... וואָס זיצסטו דאָ?... ביי איהר... וואָס עסטו איהר ברויט... ברויט... זיי אַ דינסטמויד... זיי מיין טאָכטער ז־זיי (וויינענדיג) כ'דאַרף



נישט ריידען... כ'דאַרף נישט ריידען... נ—ניין...

ר י ז ע ל. וואָס האָט איהר גענומען מיין מאַמען פֿאַר אַ ווייב? וואָס דאַרפֿט איהר זי? שפּרינצע האָט אייך געג'גט, אַ? נחמה'לע אַנטלייפֿט פֿון אייך, אַ? זי שעמט זיך, אַ? זי שעמט זיך צו בעגעגנען זיך מיט אייך אין גאַס...

אַ ב ר ו ש. קום... ק־קום צו מיר (וויל זי אַרומנעמען).

ר י ז ע ל (שטופּט איהם אַוועק). איך קען אייך אין צורה נישט קוקען. אַ חרפּה, אַן'אַלטער מאַן וויינט. וואָס וויינט איהר? געהט לעגט זיך. „זי" וועט קומען באַלד, וועט זי אייך „מכבד" זיין.

אַ ב ר ו ש (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). נישט געוויינט אין דער יוגענד... נישט געוויינט... (ווישט די אויגען) דו ווייסט... ד־דו ווייסט... (געהט אינטער זיך ביז ער פֿאַלט אויפֿ'ן געלעגער, בלייבט דאָרטען ליגען אומבעוועגליך).

ר י ז ע ל (שפּייט מיט עקעל צו אַברוש'ס זייט. שטיל אַ ווײַלע. ס'לאָזט זיך הערען אַברושעס כראָפּען. ריזעל נעמט אַרויס פֿון אונטער'ן קישען אַ פּאָר נייע שיך. שפּילט זיך מיט זיי. אויף איהר געזיכט גיסט זיך אויס אַ קינדערשע צופֿרידענהייט. זי טהוט אָן די שיך און שפּאַצירט קאָקעטיש איינציגע מאָל דורך דעם צימער. קוסט איהר פֿוס. הייבט אויף אַ ביסעל איהר צוריסענע קלייד און פּרובט געהן אַ טענצעל איבער'ן שטוב, זינגענדיג אַ ניגעלע).

מ ע נ ד י ל (קומט אַריין. ריזעל זעהט, אז ער זאָל ניט בעמערקען איהרע נייע שיך. אַ ווײַלע שטיל. יעדער קוקט אין זיין ווינקעל).

ר י ז ע ל. האָסט אפשר געזעהן מיין מאַמען?

מ ע נ ד י ל (נאָך אַ קורצען שווייגען). דו בענקסט נאָך איהר?

ר י ז ע ל. דיין טאַטע איז געקומען שכור ווי לוט (קליינע פּויזע).

מ ע נ ד י ל. דאָ איז געוועזען דער „חזיר"?

ר י ז ע ל. וועלכער „חזיר"?

מ ע נ ד י ל (מיט אַ אידיאָטישען שמייכעל). דו ווייסט ניט ווער איז דער „חזיר"?

ר י ז ע ל (בעליידיגט). איך ווייס ניט ווער דער „חזיר" איז.

מ ע נ ד י ל. בערעל חזיר!

ר י ז ע ל. און אַז ער איז געוועזען — וואָס ווילסטו? ס'איז זיין דאגה!

מ ע נ ד י ל. מען טאָר נישט פֿרעגען?

ר י ז ע ל. נאָך וואָס פֿרעגסטו? (פּויזע. ריזעל זעצט זיך ביים טיש).

מ ע נ ד י ל (געהט צו צו ריזלען און קוקט זי אָן)

ר י ז ע ל. וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן?

מ ע נ ד ע ל (שווייגט).

ר י ז ע ל. וואָס איז מיט דיר היינט!

מענדיל. דיין מאַמע איז אַזאַ שלעכטע...

ריזעל. נו—איז וואָס?

מענדיל אַזוי; כ'האָב רחמנות אויף דיר (פּויזע).

ריזעל. דיין טאַטע איז געקומען שכּור, ווי לוט.

מענדיל (וואַרפט אַ בליק צו אַברוש'ן). ווען איך וואָלט האָבען אַזאַ מאַמע...

ריזעל. דו זעהסט דיין מאַמען אַלע טאָג?

מענדיל. ניין.

ריזעל. פֿאַר וואָס?

מענדיל. אַמאָל זעה איך זי אַלע טאָג (קליינע פּויזע).

ריזעל. און נחמה'לען?

מענדיל. נחמה'לע...

ריזעל. זי געהט מיט דיר אין גאַס?

מענדיל. ווער?

ריזעל. נחמה'לע...

מענדיל (אַראָבגעלאָזען דער קאָפּ). זי, זי געהט שוין באַלד אויס דעם קלאַס.

ריזעל. זי איז דאָך דיין שוועסטער, פֿאַר וואָס שעמט זי זיך צו געהן מיט דיר אין גאַס?

מענדיל. זי שעמט זיך?

ריזעל. אַודאי שעמט זי זיך.

מענדיל. זי דאַרף זיך שוין שעמען... אָ-אָ, מיט מיר. (אַ קליינע פּויזע).

ריזעל בעווייזט מענדלען איהר פּוס). דו זעהסט?

מענדיל. נייע שיך?

ריזעל. אָבער דו זעהסט!

מענדיל. וואו האָסטו זיי גענומען?

ריזעל (שמייכעלט). איך האָב געקויפט.

מענדיל. ווער האָט דיר געגעבען געלד?

ריזעל. געלד? כ'האָב שוין געהאַט געלד!..

מענדיל. די מאַמע האָט געזעהן?

ריזעל. ניין.

מענדיל. ס'וועט ווידער זיין אַגעשלעג.

ריזעל. זאָל זי מיר נאָר אַ ריר טאָהן—אַלע ציינער וועל איך איהר אויסהאַקען. איך בין שוין ניט קיין קליין קינד.

מענדיל (מיט התלהבות). האַ! וואָס האָב איך דיר געזאָגט? אַ? מורא האָבען פֿאַר איהר! (שווייגט אַ ווייל). ריזעל! דו ווילסט



איך זאָל זיין פון דיין צד? ווילסט?

ריזעל. אַפילו זי זאָל פּוקענען וועל איך זיך מעהר מיט די קערב פֿיש ניט שלעפּען איבער די גאַסען (נאָך אַ קורצע פּויזע). מענדיל!

מענדיל, נו וואָס?

ריזעל: איך בין עפּעס אַ שיינע?

מענדיל (שווייגט).

ריזעל. נו—וואָס?

מענדיל. וועסטו שוין מעהר ניט אַרומגעהן מיט די קערב פֿיש אין די גאַסען?

ריזעל. איך וועל נישט געהן. דינען וועל איך אויך נישט געהן; איך וועל אָנקומען אין אַ פֿאַבריק. מענדיל!

מענדיל. וואָס?

ריזעל. כ'האָב דאָך דיך וואָס געפֿרעגט.

מענדיל. דו לאַכסט.

ריזעל (שלעפּט איהם פֿאַר'ן אַרבעל). נו, זאָג, מענדיל!

מענדיל (נעמט זי פֿאַר'ן האַנד). וועסט נישט זיין אין כּעס?

ריזעל. פֿאַר וואָס זאָל איך זיין אין כּעס?

מנדיל. אויף צום אמת'ען זאָג מיר.

ריזעל. וואָס אויף צום אמת'ען?

מענדיל. וועסט נישט זיין אין כּעס?

ריזעל. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט!

מענדיל. (פֿערהאַקט זיך רעדענדיג). מיר זענען דאָך ניט... ניט קיין נאָהענטע פֿריינד... פֿרעמדע... נישט קיין שוועסטער און ברודער פֿון איין טאַטע מאַמע... פֿרעמדע...

ריזעל (ווערט רויט... געהט אַ טענצעל איבער'ן צימער). מענ-דיל, זעה נאָר מיינע פֿיס, ווי איידעל זיי זענען אין די נייע שיך —איידעל, אַ?

מענדיל (שווייגט).

ריזעל. ווייסט, מענדיל, ווער ס'האָט מיר געקויפט די שיך?

מענדיל. ווער?

ריזעל (חנ'עוודיג). און דו וועסט קיינעם נישט אויסזאָגען?

מענדיל. איך וועל נישט אויסזאָגען—נאָך וואָס זאָל איך אויסזאָגען?

ריזעל. שווער זיך!

מענדיל. אויף מיינע נאמנות—אַז איך וועל קיינעם ניט אויסזאָגען.

ריוזעל. בערעל האט געקויפט.

מענדיל (איבערראשט). בערעל חזיר?

ריוזעל. בערעל חזיר. ער איז שוין איין מאל אמאלא־דיעץ. ער האט מיר היינט געבראכט נייע שיך... אבער, זעה; — פיס ווי אפאר „פאניענקעס".

מענדיל. פון וואנען האט ער געוואוסט צו קויפען?

ריוזעל. ער האט שוין געוואוסט... (פויזע).

מענדיל (צוהיצט). ריוזעל. זאג, וואס דארפסטו ליידען אזוי? זעה, שיך האט דיר געדארפט קויפען גאר אפרעמדער... דיין מאמע וועט דיך נאך דערשטיקען—וועסט זעהן... דו ווייסט, אז מענדיל איז א גוטער... דו ווייסט, באשר... הער ריוזעל! דו ווילסט, אז איך זאל בעצאהלען בערלען פאר די שיך?

ריוזעל. צו וואס?

מענדיל. איך וויל דיר בעווייזען, אז „מענדיל" איז נישט ווי דו מיינסט, איך זאג דיר...

ריוזעל (שטיפט). מענדיל, זאג, איך בין עפעס א שיינע, א? זאג, מען קען זיך אין מיר פערליבען? מענדיל!

מענדיל. דיין קלייד איז אויך צוריסען.

ריוזעל (פריילעך). אקלייד וועט אויך זיין א נייע—דאגה ניט! (גיט איהם א קלאפ איבער'ן פלייצע).

מענדיל. וואס ביסטו אזוי פריילעך?

ריוזעל. מען טאר נישט זיין אומעדיג (געהט צו אברושען). איך וועל באלד דיין טאטען געבען א שנעל אין נאז.

מענדיל (שטעהט שטארקט פערטראכט).

ריוזעל. מענדיל! וואס ביזטו אזוי אומעדיג? פאר וואס בין איך אזוי פריילעך? מען טאר ניט זיין אומעדיג — מענדיל! מענדיל—מענדעלע! (שלעפט איהם פאר'ן ארבעל).

מענדיל (וויל זי אנכאפען).

ריוזעל (רייסט זיך ארויס). דאס וויל איך ניט.

מענדיל (האפנונגס-לאז) וואס אנטלויפסטו פון מיר? שטענדיג אנטלויפסטו פון מיר...

ריוזעל. איך?

מענדיל (ערנסט) וואס אנטלויפסטו פון מיר?... דו האסט מיך פיינד—פאר וואס? איך בין „מענדיל", בין איך, נו איז וואס? מיר וואוינען דאך אין איין שטוב, וואוינען מיר—דו ווייסט? אויף מיינע נאמנות, דו ווייסט... וואס אנטלויפסטו?... געדיינקסט נעכטען ביי נאכט, אז די מאמע האט דיך געשלאגען? איך זאג דיר, ריי־



זעלע, אז דו ביזט א שלעכץ, געדענקסט ניט... אלץ פערגעסטו. איך האב איהר געוואלט צושפאלטען דעם שארבען איהרען, האב איך געוואלט... (מיט התלהבות) וואס פאר א ווערדע האט זי ביי מיר, א? מיט איין האנד, צווישען די פינגער וואלט איך זי צו־ריבען! כ'האב זיך אבגעהאלטען, באשר זי איז דיינע א מאמע איז זי... זי איז דאך דיינע א מאמע—דו געדענקסט נישט... נאך וואס האב איך עס געדארפט טהאן, נאך וואס? א?

ריוזעל (טראפט א וויילע) טא וואס ווילסטו פון מיר

מענדיל. אזוי; איך וויל דיר עס זאגען.

ריוזעל. וואס דארפסטו עס מיר זאגען?

מענדיל. איך האב דיר געוואלט בעווייזען, אז „מענדיל" איז נישט קיין שלעכטער ווי דו מיינסט. דו מיינסט, אז איך בין „בערעל חזיר" בין איך? אויב דו ווילסט וועל איך נאר איין ווארט זאגען דער מאמען דיינער — נאר איין ווארט—וועט זי שוין ניט וואגען אפילו א פינגער אויפהייבען אויף דיר—ריוזעל

ריוזעל. וואס?

מענדיל. גאר נישט... (פויזע. זיי בלייבען ביידע שטעהן אין מיטען שטוב די קעפ אראבגעהאנגען).

ריוזעל (ערנסט). אויב דו ווילסט זיין א גוטער, טא זוך מיר אויס א פאבריק וועל איך געהן ארבייטען גלייך מיט אלע מיידלאך.

מענדיל. איך וועל דיר אויפזוכען, כ'וועל, הער, ריוזעל! דו ווייסט ריוזעל... (ערנעהנטערט זיך צו איהר מיט גרויס התלהבות) איך וועל דיר...

ריוזעל (רוקט זיך אב פון איהם).

מענדיל (פערשעמט). זעהסט... נו זעה... וואס אנטלויפסטו פון מיר? א? צו בין איך עס אזא שלעכטער, וואס דו...

ריוזעל (שטיל) פון דיר שטינקט... און איך בין א ציכטיגע...

מענדיל (צוטומעלט. טאפט זיינע מלבושים).

ריוזעל. גלאט אזוי... פון דיר שטינקט מיט פעל... מיט געפגר'טע פערד... און איך בין א ציכטיגע (פויזע).

מענדיל (ווערט בלאס. טרעט אב אינטער זיך) ריוזעל!... זאג... (האקט זיך אב).

ריוזעל. דו האסט עסקים מיט געפגר'טע פערד, מיט נבלות, איך קען עס ניט ליידען... איך עס ניט פון דער לעפעל וואס דו עסט.

מענדיל (קערט זיך אב אין א זייט).

**ריִזעל** (נאָך אַ קורצען שווייגען) זאָג, מענדיִל, פֿאַר וואָס האָסטו זיךְ ניִט אויסגעקליִבען עפּעס אַנ'אַרבײַט?

**מענדיִל** (פֿערענטפֿערט זיךְ קינדעריש) און וואָס טהו איךְ וואָס?.. וואָס, מײַנסטו, טהו איךְ, וואָס? איךְ קויף פֿעל, קויף איךְ... דיר דוּכֿט זיךְ נאָר דיִר... (ערנעהנטערט זיךְ אַביסעל צו איִהר) ריִיזעל! נעם אַ האַק, און צושפּאַלט מיִר דעם קאָפּ (מיִט התלהבות) נעם אַ האַק! זאָג איךְ דיִר!...

**ריִזעל** (קוקט איִהם אָן דערשראָקען) צו וואָס זאָל איךְ עס טהון?

**מענדיִל.** ווער האָט דיִר עס געזאָגט?

**ריִזעל.** איךְ ווייס ניִט, מײַנסטו, אַז דו שיִנדסט געפּגר-טע פֿערד...? פֿון דיִר שטיִנקט ווי פֿון אַ „נבלה“ ... איךְ האָב דיךְ פֿיינד! כֿ'האָב ליִב מענשען מיִט ריינע, ווייסענקע הענד; זאָל פֿון זיי שמעקען פּאַרפֿומען ... אַלע רופֿען דיךְ „נבלה“ „פּגירה“... איךְ בין אַנ'אָריִמע, די מאַמע שלאָגט מיךְ—עס מאַכֿט ניִט אויס; ניִט שטענדיִג וועט אַזוי זיין ... איךְ האָב ליִב ריינע מענשען...

**מענדיִל** (ערוואַכֿענד, מיִט אַ נאַריש שמייכֿעל). אויף מיינע נאמנות! איךְ שווער דיִר—אויף מיינע נאמנות, ריִיזעל! „בערעל חזיר“ שינדט אויךְ פֿערד —אויף מיינע נאמנות!—ער שינדט...

**ריִזעל.** שווער זיךְ!

**מענדיִל.** אויף מיינע נאמנית!

**ריִזעל.** ס'אַליִגען!

**מענדיִל** (קלאַפּט זיךְ אין האַרצען). אויף מיינע נאמנות זאָג איךְ דיִר, ריִיזעל!

**ריִזעל.** ביזט אַ ליגנער! פֿון בערלען הערט זיךְ קיין שום ריח ניִשט ... בערעל איז ... בערעל איז אַ אַריסטאָקראַט ... (טראַכֿט אַ ווײַלע) איךְ וועל זאָגען בערלען, איךְ וועל איִהם פֿרעגען, אויב ס'איז אמת ...

**מענדיִל.** אויף מיינע נאמנות זאָג איךְ דיר ... (ווערט פּלוּ-ציִם צוטומעלט) אַ מפּלה אויף זיי! (אין כעס) ריִיזעל! הערסט; אַ רוח אין זייער טאַטענס-טאַטען אַריין! הערסט ריִיזעל?! נאַ דיִר אַ האַלץ, (וויזט) נאַ דיִר אַ האָלץ, צופּלעט מיִר דעם קאָפּ ... זאָג, איךְ בין אַ שלעכֿטער?... זאָג, ריִיזעל, אַ פֿייער אויף זיי! גנבים! אַ בייזער יאָהר אויף זיי! גנבים! הערסט ריִיזעל?!

**ריִזעל.** וואָס קאָכֿסט זיךְ אַזוי?

**מענדיִל.** איךְ... איךְ... (די ווערטער האַקען זיךְ איִהם אָב).

**ריִזעל.** די מאַמע שלאָגט מיךְ, זי גיִט ניִט צו עסען... פֿון דעסטוועגען... איךְ בין נאָךְ ניִט קיין פֿערפֿאַלענע...



**מענדיִל.** איךְ וועל איִהר צושפּאַלטען דעם מוח! גע-דענקסט נעכֿטען ביי נאַכֿט? הער ריִיזעל ... פֿאָלג מיִר... געה נאָר אויף אַ מינוט אַרויס פֿון שטוּב, געה נאָר אַרויס ... וועסט זעהן, איךְ וועל... (קוקט איִהר אָן ווי ער וואָלט וואַרטען אויף אַ תשובה).

**ריִזעל.** (קוקט איִהם אָן רחמנות'דיִג מיִט עקעל צוזאַמען).

**מענדיִל.** (בעט זיךְ) זאָג, וואָס פֿאַר אַ ריח הערט זיךְ דיִר פֿון מיִר? זאָג! דער „חזיר“ ימח שמו, זאָל ער ווערען— ער האָט עס דיִר אָנגערעדט, אַ!

**ריִזעל** (זעצט זיךְ ביים טיִש). איךְ האָב נאָךְ אויךְ אַ נאָז...

**מענדיִל.** איךְ וועל אָנטהון די שבת'דיגע זאַכֿען... איךְ וועל די הויט פֿון זיךְ אַראָפּרייסען — הער ריִיזעל... איךְ וועל וואַרפֿען די... איךְ וועל... איךְ וועל טהון אַנ'אַנדער מלאָכה... איךְ וועל דיךְ אויף די הענד טראָגען... וועסט ביי מיִר זיין אַ פּריִצטע... הערסט? ריִיזעל; גוט? איךְ האָב רחמנות אויף דיִר. איךְ קען ניִט זעהן, ווי די מאַמע שלאָגט דיךְ... כֿ'האָב נעכֿטען שיִער ניִט געוויינט, אַז זי האָט דיךְ געשלאָגען מיִט די קולאַקעס איִן קאָפּ... (וואַרט אויף אַ תשובה).

**ריִזעל** (פֿערטראַכֿט זיךְ שטאַרק, קוקענדיג אויף איִהרע נייע שיךְ).

**אַברוּש** (הייבט זיךְ פּלוצלונג אויף פֿון געלעגער, בלייבט שטעהן, שאָקעלט זיךְ). מענדיִל? אַ מענדיִל! (קלייִנע פּויזע).

**ריִזעל.** דער פֿיינער טאַטע דיינער... דער פּיאַניִצע, ער אויךְ... פּיאַניִצע. (געהט אַרויס).

**מענדיִל** (געהט צו צו אַברוּש'ען). טאַטע! טאַטע!

**אַברוּש** (רעדט שווער). וואָס וויִלסטו?

**מענדיִל** (אויפֿגערעגט). וואָס ביזטו אַ פּיאַניִצע, זאָג, אַ שכור, — פֿאַר וואָס ביזטו—דו טהוסט מיִר אָן אַ חרפּה (טרייסעלט איִהם פֿאַר'ן האַנד) אַברוּש! הער אַברוּש! כֿ'וויל ניִט זיין דיין זוהן (קוקט צום טיִהר). פֿאַר וואָס ביזטו אַ פּיאַניִצע — אַ?!...

**אַברוּש** (קוים וואָס ער רעדט). מ—מענדיִל? מ—מענדיִל! דיין טאַטען... אַ? ווילסט שלאָגען דיין טאַטען... דעם אַלטען טאַ—טען...

**מענדיִל** (רעדט מיִט גרויס התלהבות. ויינע ווערטער האַקען זיךְ איִהם אָב יעדער ווײַלע). דו... אַברוּש? ביזט אַברוּש! אַ שכּיר ביִז-טו... די מאַמע האָט דיךְ אַרויסגעטריִבען... נחמה'לע... נחמה'-לע... זאָג מיִר... זאָג מיִר... אַברוּש!

**אַברוּש** (קוקט איִהם אָן מיִט אויסגעגלאָצטע אויגען) מ—מענדיִל?..

**מענדיל** (הױבט אַרום זיך). זאָג מיר, אַברוש גנבֿ! פֿאַר וואָס האָסטו מיר געמאַכט פֿאַר אַ שינדער, אַברוש! זאָג ... זאָג, — (די טרערן ווערגען איהם אין האַלז) זאָג ... אַלע אַנטלױפֿען פֿון מיר ... פֿאַר אַ „נבלה" וואָס האָסטו מיר געמאַכט ?! ... אַ שניידער האָב איך געקענט זיין — אויף מיינע נאמנות — אַ שניידער! ... (שמעקט זיינע קליידער) נאַ, זעה וואָס דו האָסט געמאַכט פֿון מיר (שרייט ווי אַ משוגע'נער), פֿאַר וואָס האָסטו מיר געמאַכט פֿאַר אַ נבלה — פֿאַר וואָס האָסטו מיר געמאַכט ?! ...

**אַברוש** (זיצט אויפֿ'ן בעט, דער קאָפּ אַראָבגעהאַנגען). רבֿ אַבֿ — אָ! רבֿ אַבֿ — ... (שטאַרקט זיך, שלעפּט די ווערטער), מ — מענדיל, כ'בין אַפּיאַ=ניצע ... אַ שש=כּור ... (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). מחנות פֿערד ... גענעראַלען האָבען געריטען ... מ — מענדיל! וואָס וויינסטו ... וואָס ...

**מענדיל** (שטעהט נעבען אַברושען אַראָבגעלאָזען דער קאָפּ, שרייט מיט אַ ווילדע בהמה'שע שטימע). דו ... דו ... דו ... האָסט מיך ... אַ שניי=דער האָב איך געוואָלט זיין ... כ'האָב געוואָלט ... שרייבען וואָלט איך אויך געקענט ... כ'האָב געוואָלט קענען (קוקט אַברושען גלייך אין די אויגען) זאָג! פֿאַר וואָס האָסטו מיר געמאַכט פֿאַר אַ נבלה?! ...

**אַברוש** (פֿערוואונדערט). ביזט משוגע מ=מענדיל?! ... איך בין שולדיג — מ=מענדיל? איך ... (קלאַפּט זיך אין האַרצען). איך ... איך ... נעם מענדיל אַ ש=שטעקען ... שלאָג מיר מ=מענדיל ... אַ שכּור, מ=מענדיל ... אַ איד אַ שכּור, מ=מענדיל ... אַ איד ... זי ... דיין מאַמע ... שפּרינצע ... הערסט מ=מענדיל. — זי ... שפּרינצע ... (שפּאַצירט אום) פֿערקויפֿט די פֿעל? ... פֿינף רוביל? ... האָסט ... אַ? ...

**מענדיל** (ווילד). מכּות! ... מכּות וועל איך דיר געבען! ... זאָג מיר! ... זאָג ... פֿאַרוואָס ... פֿאַר ...

**נחמה'לע** (בעווייזט זיך אין טיהר, געקליידעט ווי אַ שילערין, בלייבט שטעהן אין טיהר דערשראָקען ... אַברוש און מענדיל קוקען ביידע פֿער=וואונדערט). מענדיל, מענדיל ... (פֿערהאַקט זיך) מענדיל, די מאַמע איז קראַנק געוואָרען, זי וויל, אַז דו זאָלסט קומען ...

**מענדיל** (קוקט אַיהר אָן, ברומט וואָס).

**נחמה'לע**. וואָס שטעהסטו און קוקסט? כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז די מאַמע איז קראַנק געוואָרען! דו געהסט?

**מענדיל** (ברומט). כ'על געהן ...

**אַברוש** (ערוואַכענד). אַ, נ=נחמה'לע ... ט=טאָכטער מיינע ... (געהט צו איהר) נחמ=מה'לע ...



**נחמה'לע** (פֿערקרימט דאָס געזיכט). מענדיל! זאָלסט באַלד געהן, הערסט? (געהט אַרויס).

**אַברוש** (לאָזט זיך צום טיהר פֿאַלט פֿון די פֿיס). נ=נ=חמה'לע! ט=טאָכטער מיינע ... נחמ ... זאָג ... זאָג ... פֿאַר וואָס ... זאָג ... ז=זאָג פֿאַר וואָס ... פֿ=פֿאַר ...

(פֿאָרהאַנג).

# דריטער אקט.

בײַ שפּרינצען אין דירה.

צװײ צימערן, אײנער נעבן דעם אַנדערן. געמעבלירט גאַנץ אײנפֿאַך, נאָר אַלץ איז דאָרט אין אָרדענונג.

אין דעם ערשטען צימער, בײַ דער רעכטער װאַנד שטעהט אַ בעט און נעבען איהר אַ טישעלע מיט גלעזלעך, פֿלעשלאַך מיט רפֿואות. נעבען װאַנד, לינקס, שטעהט אַ טיש מיט שטולען א. ד. גל. אויפ׳ן בעט ליגט שפּרינצע, קראַנק. נעבען איהר זיצט גיטעל. נאָך האַלבען טאָג.

שפּרינצע (נאָך אַ קורצען שטילשװײַגען). אָט אַזױ, מײַן פֿרײַנד; אַז אַ מענש איז געזונד שפּירט ער גאָר ניט. די עלטער טהוט זיך אָבער איהרס; מיט אַמאָל קומט זי אָן (שװײַגט אַ װײַלע), דרײַסיג יאָהר ... שױן דרײַסיג יאָהר בין איך אַזױ עלענד װי אַ שטײן.

גיטעל. דעם, װעמען גאָט העלפֿט, איז די װעלט אַ חתונה, נאָר אַז דער, װאָס אין הימעל, נעמט צו דאָס שטיקעל מזל — איז נאָך אַלעמען.

שפּרינצע (איהר איז שװער צו רעדען). כ׳װאָלט נאָך װעלען אַביסעל אונטערלעבען. נחמה׳לע איז דאָך נאָך גאָר אַ קינד — װאָס קען װערען חלילה פֿון איהר, אַז איך זאָל ניט זײַן? נאָר צוליב איהר װאָלט איך נאָך װעלען אַביסעל ... כ׳האָב זיך פֿײַנד צו בעקלאָגען, חלילה. אויב מיר זאָלען װעלען, קען איך זאָגען פונקט פֿערקערט: װאָס פֿעלט מיר? פֿון איהר האָב איך דאָך גאָר פֿערגעניגען, און װײַטער ... עט — מיט דעם און אָהן דעם! אַ נאַרישע װעלט, מײַן פֿרײַנד! (שװײַגט אַ װײַלע) מען האָט גערעדט אויף מיר, װאָס כ׳האָב איהם געגײט גט צו געבען (זיפֿצט) װאָס האָב איך געזאָלט טהאָן, װאָס? כ׳האָב געװאָלט ראַטעװען דאָס מײדעל ... שלעפּט זיך אַרום שכור אין די גאַסען.

גיטעל. װי איז ער פֿריהער געװען?

שפּרינצע. פֿאַר׳ן גט?

גיטעל. יאַ.



שפּרינצע (מאַכט מיט׳ן האַנד) עט. כ׳האָב פֿײַנד איבערצוחזרן זאַכען װאָס ס׳איז געװען. באַלד נאָך דער חתונה האָט מיר שױן דאָס האַרץ ניט געצױגען צו איהם. אַ „פֿערד־הענדלער“ און אַ „פֿערד גנב“ איז בײַ מיר אַלץ אײנס. די מאַמע מײנע, זאָל זײַן אין גן־עדן, האָט זיך געהיצט — ער איז אַ רײַכער געװען. איך האָב די עשירות ניט געזעהן ... די גאַנצע „תוכחה“ האָב איך יאָ געזעהן ... אַ דאַנק דעם װאָס אין הימעל, װאָס נחמה׳לע איז ניט געראָטען אין איהם. דער בן יחיד איז שױן פונקט אין איהם געראָטען.

גיטעל. װאָרום װאָס, ער איז אויך אַ פּיאַניצע, חלילה?

שפּרינצע. דוכט זיך, אַז ניט — און אפשר — װער װײסט? צוזאַמען מיט׳ן טאַטען זײנעם איז ער, (שװײַגט אַ װײַלע), כ׳האָב געשיקט נחמה׳לען, זי זאָל איהם רופֿען, פֿון דעסטװעגען פֿאָרט אַ מאַמע — אַ מאַמעס האַרץ טהוט װעה ... אַ „בן יחיד“, דער אײנציגער „קדיש“ מײנער, כ׳האָב איהם שױן אפשר פֿון אַ האַלב יאָהר ניט געזעהען ... נחמה׳לע האָט ניט געװאָלט געהן, כ׳האָב זי קױם אײַנגעבעטען.

גיטעל. אָהן אײַן עין־הרע אַ װאױל קינד נחמה׳לע.

שפּרינצע. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ יאָהר צוריק. זי האָט אַ גרױסע טאָכטער. מען דערצײלט, װאָס דאָרטען טהוט זיך אָב אין שטוב ... װאָרום װאָס? אַז זי האָט איהם גענומען, איז זי מסתמא ניט בעסער פֿון איהם.

גיטעל. אַן אַלמנה? אַ גרושה?

שפּרינצע. מיר דוכט, אַז אַ גרושה איז זי. אױ! װאָס זאַמט זי זיך עס אַזױ לאַנג! אַז זי געהט אַװעק, איז מיר יעדער מינוט אַ שעה — אַ שעה יעדער מינוט ... האָט נעבאַך ניט געװאָלט געהן. אױ! עס שטעכט מיר דאָס גאַנצע לײַב, װי מיט נאָדלען. שטאַרק פֿערקילט זיך.

גיטעל. מיט אַ פּעטס אויסשמירען װאָלט ניט שאַדען, מיט אַ פּעטס די זײַטען ... (פּױזע).

שפּרינצע. אַז איך בין געזונד, פֿערדרײט מיט דער ביטערער פּרנסה, פֿערגעסט זיך אַלץ. נאָר איצטער, אַז אַ מענש ליגט אין בעט, קריכען פֿערשײדענע געדאַנקען אין קאָפּ. כ׳האָב קײן מאָל ניט געטראַכט פֿון אַ סך קינדער ... נאָר איצטער ... ס׳װאָלט מיר עפּעס, דוכט זיך, גרינגער זײַן, װען אַפֿילו קינדער װאָלטען זײַן אַרום מיר ... קינדער. ס׳פֿערשטעהט זיך — קינדער רעכטע. ס׳האָט מיר דאָס האַרץ װעה געטהאָן די גאַנצע נאַכט, און בײַ מיר איז געבליבען — שיקען איהם רופֿען. כ׳װאָלט איהם שױן

וועלען זעהן — חאָטש איך ווייס, אַז קיין גרויס פֿערגניגען וועט ער מיר ניט פֿערשאַפֿען.

גיטעל. וואָס רעדט איהר? אַ זון איז פֿאָרט אַ זון. מיט וואָס פֿערנעמט ער זיך?

שפּרינצע. ווער ווייסט איהם דאָרט? — מיט פֿעל, האָט מען געזאָגט, פֿערנעמט ער זיך.

גיטעל. ניט קיין שלעכטער מסחר.

שפּרינצע. ניט קיין שלעכטער מסחר; וואָס קומט אָבער דערפֿון אַרויס? אַז ער אַליין איז קיין מענש ניט.

גיטעל. אַלם איז פֿון דעם, וואָס כ'בין ניט ווערט צו דערמאָנען זיין נאָמען... נחמה'לע איז אַ גאָלדען קינד

שפּרינצע. נאָר דאָס שטיקעלע מזל...

נחמה'לע (קומט אַריין, די באַקען, די אויגען רויט). אַ טייערע מלאכה האָסטו מיר, מאַמע, געגעבען, אַ טייערע מלאכה!

שפּרינצע. ביזט דאָרט געוועז?

נחמה'לע. איך בין געוועז.

שפּרינצע. וואָס ביזטו אַזוי געלאָפֿען? זעה, ווי דו ביזט פֿערמאַטערט. אַזוי פֿערשוויצט!

גיטעל. קיין בייז זאָל ניט זיין. וועסט עסען מיט מעהר אַפּעטיט. פֿון אַ מאַמעס וועגען מעג מען אַלץ טהון — בפרט פֿאַר אַ קראַנקער מאַמע. וואָס טהוען ניט די מאַמעס פֿון זייערע קינדערס וועגען? אַלץ! דעם גוף מיט דער נשמה אין איינעם זענען זיי מקריב פֿון זייערט וועגען (שטעלט זיך) נו, איצטער קען איך שוין געהן, אַז איהר האָט שוין נעבען זיך די בת־יחיד'קע.

שפּרינצע. וואָס היילט איהר זיך אַזוי?

גיטעל. גאָט איז מיט אייך! כ'האָב דאָך עפּעס געלאָזען, קיין עין־הרע, אַ שטוב. כ'וועל שוין בעסער אין אָוועגד אַריינקומען... נו, זאָל אייך גאָט שיקען די רפואה. אַ גוטען טאָג! זייט געזונד! (געהט אַרויס).

נחמה'לע (זעצט זיך ביים טיש, אומעדיג). אין אַ פֿיינע שליחות האָסטו מיר געשיקט.

גיטעל (עפֿענט די טיהר). איהר זאָלט ניט פֿערגעסען, שפּרינצע, וואָס כ'האָב אייך געזאָגט: מיט אַ פֿעטס די זייט איינשמירען. דאָס איז די בעסטע רפואה.

שפּרינצע. אין אָוועגד, אי"ה, וועל איך עס טהאָן.

גיטעל. געוויס, געוויס (פֿערמאַכט די טיהר).



שפּרינצע (נאָך אַ קורצען שווייגען). וואָס איז דאָרט, מיין טאָכטער?

נחמה'לע. בעסער, אַז דו וועסט גאָר ניט פֿרעגען.

שפּרינצע. דו האָסט איהם געזעהן? וואָס, ער וועט קומען?

נחמה'לע. כ'ווייס ניט, צו ער וועט קומען.

שפּרינצע. האָסט איהם געטראָפֿען אין דערהיים?

נחמה'לע. געטראָפֿען.

שפּרינצע. ווער נאָך איז דאָרט געוועז?

נחמה'לע. זענען ביידע געוועז.

שפּרינצע. „ער" איז אויך געוועז?

נחמה'לע. געוועז.

שפּרינצע (קוקט אָן נחמה'לען אומרוהיג). וואָס ביזטו אַזוי אויפֿגערעגט? ס'איז וואָס געשעהן?

נחמה'לע. ס'איז גאָר ניט געשעהן.

שפּרינצע. טאָ וואָס — ביזטו עפּעס...?

נחמה'לע (מיט טרערען אין די אויגען). איך רעג זיך. ווען איך וואָלט אפילו אַ האָלץ געוועזן, וואָלט איך אויך געדאַרפֿט קלאָגען. אַז איך זעה, ווער מיין טאַטע איז, און ווער מיין ברודער איז. אַנ'אמת'ער קבר איז דאָרט ביי זיי. פֿינסטער, בלאָטע ביז'ן האַלז — עס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ, ווי ביי אַ „גזלן". כ'האָב געעפֿענט די טיהר, האָב איך זיך דערשראָקען. אַז איך בין נאָך געוועזן אין הייזעל, אונטער'ן טיהר — וואָלסט זעהן אַ הייזעל! האָב איך געהערט קולות, ווי מען רייסט זיך — כ'האָב גלייך דערקענט מענדיל'ס קול. כ'האָב ניט געוואוסט וואָס איך זאָל טהאָן. כ'האָב מורא געהאַט צו עפֿענען די טיהר, טאָמער וועלען זיי מיך נאָך שלאָגען.

שפּרינצע (ויפּצט). וועה איז מיר!

נחמה'לע. איך עפֿען די טיהר, און די הענד ציטערען מיר, ווי פֿון קדחת — און איך האָב עס דערזעהן אַ קאַרטינע: „ער" שטעהט שכור, פֿאַלט פֿון די פֿיס, ברומט עפּעס האַלבע ווערטער, און מענדיל שטעהט נעבען איהם, האַלט איהם פֿאַר די לאַצען און טרייסעלט איהם.

שפּרינצע (דערשראָקען). ער האָט איהם געשלאָגען — דעם טאַטען זיינעם?!

נחמה'לע. דוכט מיר, אַז ער האָט איהם געשלאָגען. נאָר באַלד ווי איך בין אַריבער דעם שוועל — מעהר ווי איבער'ן שוועל בין איך ניט אַריבערגעטראָטען — זענען זיי ביידע געבליבען

שטעהן, ווי פֿלעקער — און האָבען מיך אָנגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען ווי משוגעים — אמת'ע משוגעים!

שפרינצע. וואָס האָסטו זיי געזאָגט?

נחמה'לע. כ'האָב געזאָגט מענדלען, אַז דו ביזט קראַנק און דו ווילסט איהם זעהן.

שפרינצע. וואָס האָט ער געענטפערט!

נחמה'לה. איך ווייס ניט. איך בין גלייך אַרויסגעלאָפֿען — כ'האָב געמיינט אַז כ'בין אַריינגעפֿאַלען ערגעץ צו גנבים, אָדער אין אַ משוגעים־הויז. (פויזע).

שפרינצע (זיפֿצט). אָט אַזוי איז עס, מיין טאָכטער. ווען דו ביזט געווען אַ קליינינקע, פֿלעגסטו שטענדיג פֿרעגען: וואו איז דער טאַטע? איך פֿלעג שווייגען, כ'האָב ניט געוואוסט, וואָס דיר צו ענטפֿערען. נאָר איצטער — ביזט שוין גאָט צו דאַנקען אונטערגעוואַקסען. פֿערשטעהסט שוין אַליין. איך דאַרף דיר שוין ניט רעדען (נאָך אַ קורצען שווייגען), ווי זעהט ער אויס?

נחמהלע. ווער?

שפרינצע. דער טאַטע דיינער.

נחמה'לע (מיט עקעל). מוראָ'דיג. שמוציג — מאוס צו קוקען אויף איהם.

שפרינצע. און מענדיל?

נחמה'לע. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז כ'האָב געמיינט, ער איז משוגע. ער וועט אפֿשר קומען, וועסטו שוין זעהן. אָבגעריסען, אָבגעשליסען, בעוואַקסען מיט האָר, ווי אַ שד.

שפרינצע (זעצט זיך אַנידער). וואָס האָב איך געקענט טהאָן וואָס? (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) כ'האָב קיין אַנדער עצה ניט געהאַט. ער האָט ניט געוואָלט זיין מיט מיר. נאָר צו די פֿערד האָט איהם עפעס אַ „נישט גוטער" געצויגען. אין וועמען איז ער געראָטען אין וועמען? ווער איז מיר! אין מיין משפחה איז ניטאָ אַזוינע; אין מיין משפחה איז ניטאָ אַזוינע גראָבע יונגען, וועה איז מיר... (נאָך אַ קורצען שווייגען) צו דער עלטער... כ'האָב געקענט לעבען אין הרחבה, נאָר... (עס האַקען זיך איהר איבער די ווערטער).

נחמה'לע. כ'האָב דיר פֿערגעסען צו דערציילען, אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען, האָט ער זיך געלאָזט לויפֿען נאָך מיר און געשריען מיט אַ הייזעריגען קול: נחמה'לע, נחמה'לע! — איך האָב מורא געהאַט דאָרט צו פֿערבלייבען.

שפרינצע. האָסט ניט בעדאַרפֿט אַנטלויפֿען. אדרבה,



האָסט געדאַרפֿט רעדען מיט איהם. אויסהערען — אפֿשר האָט ער דיר געוואָלט דערציילען וואָס.

נחמה'לע. איך האָב מורא געהאַט. אַז דו ווייסט ניט, מאַמע, וואו, אין וואָס פֿאַר אַ גיהנום זיי ליגען, אין אַ גרוב.

שפרינצע (וויינט). גאָט דאַרף מיך מיט מיין טאָכטער ניט שטראָפֿען...

נחמה'לע. ווען איך וואָלט האָבען אַ טאַטען ווי אַלע... אַ מענשען — וואָלט, אפֿשר, אַלץ אַנדערש געווען... די „חרפה"! בעגראָבען זיך דאַרף מען פֿאַר בושה.

שפרינצע (נאָך אַ קורצען שווייגען). וואָס זאָל איך טהאָן, וואָס קען איך מאַכען? אוי, דער עלטער, קראַנק געוואָרען... וואָס, מיינסטו, האָט אַ ווערדע אַ מענש צו דער עלטער? פֿונדעסטוועגען — ער איז דאָך מיין זון — אַ קינד... דיין ברודער — אונטער איין האַרצען געטראָגען... פֿון איין ברוסט געזויגען.

נחמה'לע (רעגט זיך). וואָס פֿאַר אַ ברודער איז ער מיר? איך וויל איהם גאָר ניט קענען! איך וויל איהם גאָר ניט אָנקוקען. ער וועט קומען, וועל איך אַרויסגעהן פֿון שטוב.

שפרינצע. זאָלסט עס נישט טהאָן, נשמה מיינע, זאָלסט עס נישט טהאָן. אדרבה, זיי פֿריינדליך צו איהם, רעד מיט איהם. וואָס, טויזענד ברידער האָסטו? דו הערסט, נחמה'לע?

נחמה'לע. איידער אַזאַ ברודער איז שוין גלייכער גאָר ניט!

שפרינצע. וואָלסט זיך, אַזוי, ניט דערוויטערט פֿון איהם, וואָלט ער, אפשר, געקומען אַהער, וואָלט ער זיך, אפשר, נישט דערוויטערט אַזוי פֿון אונזער שטוב.

נחמה'לע. אַז איך וויל איהם גאָר ניט קענען. אַ שטיק אידיאָט. אַ פרא אדם — אַ שינדער!

שפרינצע (לעגט זיך. קרעכצט. פויזע).

נחמה'לע. ס'איז שוין צייט, מאַמע, איינצונעמען די רפֿואות.

שפרינצע. איך בעט דיר, טאָכטערשו, נאָך אַמאָל, אַז מענדיל וועט קומען זאָלסטו זיך ניט דערוועגען...

מענדיל. (עפֿענט די טהיר. שטעקט אַריין דעם קאָפּ און קוקט תמ'וואַטע אין שטוב אריין).

שפרינצע (רעגט זיך). קום אַריין! וואָס ביזטו געבליבען שטעהן אין טיהר? דו שעמסט זיך... (צו נחמה'לען) הער מיין קינד, געדענק, וואָס איך כ'האָב דיר אָנגעזאָגט.

מענדיל (קומט אַריין. געהט צו שטיל צום בעט. שטאַרק אויפגערעגט, ווי נאָך אַ מלחמה). ביזט קראַנק, מאַמע, וואָס מאַכסטו?

שפּרינצע איך בין קראַנק; דו זעהסט דאָך (קוקט איהם אָן).

נחמה׳לע (זעצט זיך מיט׳ן פּליצע צום שטוב, בלעטערט עפּעס אַ בוך).

שפּרינצע. נעם אַ שטול און זעץ זיך — וואָס שטעהסטו?

מענדיל (קוקט זיך אַרום. קוקט צו נחמה׳לען). וואָס מאַכסטו?

שפּרינצע (צו נחמה׳לען). פֿאַר וואָס ענטפֿערסטו איהם ניט? ער פֿרעגט דאָך דיך, וואָס דו מאַכסט!

נחמה׳לע (ניט אָבקערענדיג זיך צו זיי). ער זעהט דאָך, אַז איך בין געזונד.

שפּרינצע. פֿאַר וואָס זעצטו זיך ניט? האָסט מורא פֿאַר אונז.

נחמה׳לע (דערלאַנגט אַ שטול פֿאַר מענדלען).

מענדיל (מיט אַ שוואַכער שטימע). כ׳האָב ניט מורא — וואָס זאָל איך מורא האָבען? (זעצט זיך). וואָס טהוט דיר וועה, מאַמע?

שפּרינצע (די טרערען שטיקען זי אין האַלז). וואָס פֿאַר אַ מלבושים טראָגסטו אויף זיך? וואָס ביזטו אַזוי אָבגעריסען! האָסטו גאָר ניט קיין אַנדערע מלבושים?

מענדיל (בעקוקט זיינע בגדים, פֿערשעמט). אַ? מיינע זאַכען?...

נחמה׳לע. געוויס האָט ער ניט קיין אַנדערע זאַכען.

מענדיל (ערוואַכענד). פֿון וואַנען ווייסטו, אַז כ׳האָב ניט קיין אַנדערע זאַכען? פּונקט ווי זי וואָלט געזעהן, וואָס ביי מיר אין „טשאַמאָדאַן" איז! כ׳האָב נאָך וואָס אָנצוטהאָן — כ׳האָב נאָך...

נחמה׳לע. אפשר האָסטו.

שפּרינצע. פֿערדינסטו חאָטש אויף דער הוצאה?

מענדיל. איך פֿערדין; אַודאי פֿערדין איך — ווי דען? (קליינע פּויזע).

שפּרינצע. וואָס ביזטו אַזוי צוקאָכט, אויפגערעגט?

מענדיל (שווייגט, דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען).

שפּרינצע (קוקט איהם אָן מיט אַ מוטערליכען ווייכען בליק). פֿאַר וואָס, זאָג מיר, מיין קינד, האָסטו זיך אַזוי פֿון אונז דערווייטערט, פֿאַר וואָס ביזטו ווי אַ פֿרעמדער געוואָרען צו אונז? שוין מעהר ווי אַ האַלב יאָהר, אַז כ׳האָב דיך ניט געזעהען. דו האָסט אפֿילו ניט געוואוסט, אַז איך ליג קראַנק...

מענדיל. אַבּרוש, אַ מפּלה אויף איהם, ער אַליין...



נחמה׳לע. ש-ש-ש שריי נאָר ניט אַזוי דאָ; זיי נאָר דאָ ניט אין כעס —

מענדיל (פֿערשעמט. דאָס געזיכט ווערט ביז).

שפּרינצע (ס׳איז איהר שווער צו רעדען). שטענדיג ביזטו געלאָפֿען צו די פֿערד — וואָס איך האָב עס ניט געקענט פֿערטראָגען... וואָס איז געווען מיין גאַנצע האָפֿנונג, מיין פֿערלאַנג? אַז דו זאָלסט געהן אין גלייכען וועג, דו זאָלסט זיין אַ שטיקעל „מענש", (בעווייזט אויף נחמה׳לען) אָט זעה זי — פֿון איין טאַטע מאַמע געבאָרען געוואָרען... פֿון איין ברוסט געזויגען... זאָג, פֿאַר וואָס האָסטו זיך אַזוי דערווייטערט פֿון אונז?

מענדיל. מאַמע זאָג, וואָס רעדסטו עס?

שפּרינצע. וואָס דען זאָל איך רעדען, אַז ניט דאָס? ווען איך וואָלט דיך אַמאָל זעהן. איך זעה דיך אין די אויגען ניט אָן (שווייגט אַ ווײלע), וואָס הערט זיך עס פֿון דיר עפּעס אַ מאָדנער ריח...? פֿאַר וואָס האָסטו ניט אָנגעטהאָן קיין אַנדערע זאַכען — ריינערע?

מענדיל (העכער) מאַמע! וואָס רעדסטו עס — זאָג מיר? שווייג בעסער!

נחמה׳לע. שריי ניט אַזוי. זעהסט דאָך, די מאַמע איז קראַנק.

שפּרינצע (נאָך אַ קורצען שווייגען). וואָס רעד איך דען! איך פֿרעג, וואָס דו ביזט אַזוי אָנגעטהון, ווי דער ערגסטער... דיין טאַטע דער פּיאַניצע — און דו זיצט דאָרט מיט איהם... ווער ווייסט, וואָס פֿאַר אַ טייוועל ער האָט דאָרט גענומען... וואָס איז דאָרט פֿאַר אַמויד אין שטוב?...

מענדיל (קאָכט זיך). וואָלסטו וויסען וואָס פֿאַר אַ „טייוועל" ער האָט גענומען! זי פֿערהרגט אַלעמען — די טאָכטער און איהם... (בלייבט פּלוצלונג שטיל).

שפּרינצע. וואָס דערציילט זי עפּעס, אַז זי האָט געעפֿענט די טיהר איז געווען אַ געשלעג צווישען דיר מיט׳ן טאַטען?

מענדיל (שווייגט).

שפּרינצע (קוקט אָן מענדלען, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ).

מענדיל. וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן?...

שפּרינצע. איך בין דאָך דיינע אַ מאַמע. אויב דו האָסט זיך ניט אויפֿגעפֿיהרט ווי עס בעדאַרף צו זיין; אויב דו ביזט ניט געגאַנגען אין דעם וועג, ווי איך האָב פֿערלאַנגט — פֿונדעסטוועגען קען איך זיך דאָך ניט אָבזאָגען פֿון דיר, — ביזט פֿאָרט

מיינס אַ קינד און איך—דיינע אַ מאַמע ... וואָס טהוסטו, וואָס דו ביזט אַזוי פֿערשמירט, אַזוי פֿערפֿאַטשקעט?...

**מענדיל** (זוכט אין די קעשענעס).

**שפּרינצע.** וואָס זוכסטו?

**מענדיל.** געלד וויל איך דיר געבען; איך פֿערדין נאָך גענוג געלט פֿערדין איך.

**שפּרינצע** (מאַכט מיט'ן האַנד). דערווייל האָב איך נאָך גענוג, דערווייל דאַרף איך ניט. האַלט זיך דיין געלד, האַלט זיך— אפשר, אַז כ'וועל שוין קיין אַנדער עצה ניט האָבען ...

**מענדיל** (שטאַמעלט). אָבער כ'האָב געלט ...

**שפּרינצע.** פֿאַר די געלד בעסער וואָלסטו מאַכען זיך זאַכען אַנדערע—זעה ווי דו ביזט אָנגעטאָהן—ס'איז דאָך אַ חרפּה, אַ שאַנד!

**נחמה'לע.** מסתמא געפֿעלט איהם אַזאַ „גאַנג“.

**שפּרינצע.** וועה איז מיר, וועה איז מיר!

**מענדיל** (קאָכט זיך). מאַמע! וואָס רעדסט עס מאַמע?! איך ווער אין כעס, זאָג איך דיר!

**נחמלה.** ש—שש!

**מענדיל** (וואַרפֿט נחמה'לען אַ שאַרפֿען בליק). ווער ביזטו, זאָג? אויך מיר אַ „שוועסטער“! טפֿוי אויף דיר!

**נחמה'לע.** האָסט קיין רעכט ניט דאָ אין שטוב סקאַנדאַלען צו מאַכען! דאָ אין שטוב... די מאַמע ליגט קראַנק!

**מענדיל.** איהר קענט זי, די „בריאה“? צווישען די פֿינגער, צווישען די פֿינגער וועל איך דיך צורייבען; אויף קאַשע וועל איך דיך באַלד צורייבען!

**שפּרינצע** (צו נחמה'לען). טהו דאָרט דיין אַרבייט, טהו דאָרט, כ'בעט דיך...

**מענדיל** (הויבט זיך אויף, שטאַרק אויפֿגערעגט).

**שפּרינצע** (רעדט ווייך). וואָס האָסטו זיך אויפֿגעהויבען? וואָס ביזטו אין כעס, מענדיל? וואָס רעד איך דען? איך בין דאָך דיין מאַמע—אַ מאַמע מעג דאָך זאָגען דעם אמת ... ווער זאָל דיר רעדען, אויב ניט אַ מאַמע?... וואָס ביזטו אַזוי אויפֿגערעגט געוואָרען, אַז כ'האָב דיר וואָס גערעדט?...

**מענדיל** (ערוואַכענד). מאַמע!... הער מאַמע! (בלייבט שטיל).

**שפּרינצע.** מענדיל. זעה דו ביסט געקומען צו אַ מאַמען, צו אַ קראַנקער מאַמען! אוי וועה... אַ קראַנקע מאַמע...

**מענדיל** (שרייט). איך געה אַוועק; מיר איז דאָ... מאַמע!



זאָג מיר מאַמע ... זאָג, פֿאַר וואָס?!... זאָג, פֿאַר וואָס מאַמע האָסטו מיר ניט געגעבען צו עסען? אַ? פֿאַר וואָס, אַ? (ווייזט מיט'ן פֿינגער). פֿאַר וואָס האָסטו מיר אַרויסגעטריבען פֿון שטוב?... איך בין געוועזען אַ קליין אינגעל, בין איך געוועזען ... אַבּרוש אַ בייזער יאָהר אויף איהם!... הער מאַמע... איך וועל איהם דערשטיקען ... איך וועל איהם מאַכען דעם טוידט. אַבּרושען!... וועסט זעהן—נאָך היינט ביי נאַכט וועל איך איהם דערשטיקען ... נאָך היינט ביי נאַכט!

**שפּרינצע** (רייסט איהם איבער). מענדיל! ביזט משוגע געוואָרען?... וואָס איז מיט דיר? בערוהיג זיך ... זאָג, וואָס רעדסטו, וואָס? וואָס ביזטו אין כעס?...

**נחמה'לע.** זאָל ער זיך געהן פֿון דאַנען, זאָל ער זיך געהן! כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז מען דאַרף איהם ניט רופֿען... זאָל ער זיך געהן!

**מענדיל.** אַ בייזער יאָהר אויף דיר — פּאַסקודע! אַ שוועסטער—איהר קענט זי? פּאַסקודע! אַ בייזער יאָהר אויף דיר! די קלאַסען געהט זי אויס—אַ יחסנ'טע, מיינט זי, איז זי שוין!... אין די קלאַסען... ביזט ביי מיר קיין „פּריץ“ נישט, צווישען די פֿינגער וועל איך דיך צורייבען!... אייך אַלעמען... כ'וועל באַלד מיט אייך אַלעמען פֿערקאָנטשען! הער מאַמע! זאָג איהר בעסער, אַז זי זאָל שווייגען ... זאָג איהר! איך בין נאָך עלטער פֿון איהר, כ'האָב נאָך אַ פֿערשטאַנד ... איך פֿערדין נאָך מעהר פֿון איהר, פֿערדין איך? ... מאַמע, זאג איהר!... איך געה אַוועק פֿון דאַנען (געהט צום טהיר).

**שפּרינצע** (מיט אַ וויינענדיג קול). מענדיל ... מענדיל... נחמה'לע! כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, דו זאָלסט שווייגען! (פּויזע).

**מענדיל** (שטעהט, דער קאָפּ אַראָבגעהאַנגען, קוקט אין איין פּינטעל אַריין)

**נחמה'לע.** איך בין איהם נאָך געגאַנגען רופֿען, דעם טייערען תכשיט—אַ „צירונג“...

**מענדיל** (צו נחמה'לען). דו שווייגסט—צו ניין!... אַוועק פֿון מיר!—זאָג איך דיר ... וועסט בעסער מאַכען, זאָג איך דיר..., איך וועל אַבּרוש'ען דעם טויד מאַכען וועל איך... טפֿוי אויף אייך!... טפֿוי אויף אייך אַלעמען ... (שווייגט אַ ווייל).

**נחמה'לע.** געה פֿון דאַנען, געה פֿון דאַנען...

**מענדיל** (שליידערט זיין היטעל אָן דרערד). געוואַלד! געוואַלד! וואָס האָט מען געמאַכט פֿון מיר?! וואָס ט'מען געמאַכט פֿון

מיר?!... וואס בין איך? מאמע! זאג, וואס בין איך?!.. (וויינט פון כעס) מאמע! זאג—פאר וואס ביזטו מיין מאמע?!... א?!

**נחמה׳לע** (וויל איהם איינשטילען).

**שפרינצע** (וויינט). מענדיל... מענדיל... זאג וואס איז מיט דיר?—וואס האב איך דיר געזאגט?... כ׳האב דאך דיר גאר נישט געזאגט... כ׳האב דיר מעהר ניט געפרעגט, וואס עס שטינקט פון דיר... כ׳האב ניט געטארט עס דיך פרעגען?...

**מענדיל** (שטאמעלט). עס שטינקט פון מיר... שטינקט פון מיר—„נבלה" שטינקט פון מיר!... איך בין א שינדער בין איך!.. מאמע!... בראך!... א בייזער יאהר אויף דיר!... א מיתה משונה אויף דיר!... מאמע!...

**נחמה׳לע** (שפרינגט אויף פון ארט. שטופט איהם אוועק). ארויס פון דאנען—ארויס! „חם"! „פויער"!

**מענדיל** (צוקאכט זיך אלץ מעהר) א מפלה אויף אייך! א בייזער יאהר אויף אייך!... פון מיר שטינקט... „נבלה" שטינקט פון מיר!... א?... וואס זאגסטו?... איך וועל... כ׳וועל... טפוי אויף דיר מיט רייזלען אין איינעם!... (שפייט) טפוי אויף דיר מיט רייזלען!

**נחמה׳לע** (שטויסט איהם). ארויס „חם"!

**שפרינצע** (וויינט) קינדער... האט רחמנות, קינדער...

**מענדיל** (גיט נחמה׳לען א שטארקען פאטש. ער ווערט אזוי־לע אליין דערשראקען פון זיין טהאט) וואס... זאג... (קוקט איהר אן צומישט).

**נחמה׳לע.** געוואלד! געוואלד! ראטעוועט!

**שפרינצע** (דערשראקען). נחמה׳לע!... מענדיל... מען וועט זיך נאך צונויפלייפען... מענשען וועלען זיך צונויפלייפען... מענדיל! ביזסטו משוגע, מענדיל!!?...

**מענדיל** (צו נחמה׳לען). איך וועל דיך דערשטיקען מיט רייזלען...

**נחמה׳לע** (ווארפט זיך נאך אמאל צו מענדלען). חם! נבלה! פגר! עפוש!...

**מענדיל** (שטעהט ווי א צומישטער).

**שפרינצע** (בעט זיך). נחמה׳לע, מיין לעבען... האב רחמנות אויף מיר... אויף מיר רחמנות...

**נחמה׳לע.** די גאל קערט דאך פון איהם. די גאנצע שטוב האט ער דאך פערשטונקען... נבלה!...

**מענדיל** (די אויגען פערגיסען זיך איהם מיט בלוט. שטאמעלט). הא... א מפלה... א מפלה... כאליערע! מגפה!... (וויינט) פאר וואס?... פאר וואס (צו שפרינצען) מאמע! פאר וואס?!.. א בייזער...



אברוש... רייזעל... אברוש... (פאנגט אן רייסען די קליידער פון זיך. נעמט אן פאר׳ן לאץ פון זיין רעקעל און מיט ווילדקייט רייסט ער אראב ביז אונטען. הויבט אויף זיין היטעל און צורייסט איהם. ברומט) נבלה.. פגר... נבלה... (ברומט אונפערשטענדליכע ווערטער).

**נחמה׳לע** (קוקט איהם אן דערשראקען מיט אויסגעגלאצטע אויגען).

**שפרינצע** (הויבט זיך אויף פון געלעגער שטארק צושראקען).

(פארהאנג).

# פירטער אקט.

די דעקאראציע — ווי אין דעם ערשטען אקט.

(א ווײלע שטיל אין קעלער. אויף דער סצענע זעהט זיך קיינער ניט, א יסער אברוש. ער ליגט אויפ'ן בעט און כראפעט).

**אברוש** (ערוואכט זיך. זינגט פאר זיך אליין). טי-טא-טא; טי-טא-טא, פויף! (קוקט זיך ארום פון אלע זייטען ניט אויפהויבענדיג דעם קאפ) בים-באם-באם; בים-באם-באם! (זינגט מיט א הייזעריג אומעדיגען ניגון) מן ה-מ-צר; מן ה-מ-צר! מן-מן-מן! ק-רא-תי קר-ראתי—קרא—אא—ק—ראא-תי יה— — — — — — — (רופט) אברוש! ... אברוש! (שלעפט ארויס פון הויזענקעשענע א פלעשעלע בראנפען און טרינקט. בעהאלט דאס ליידיגע פלעשעל אונטער'ן קישען און לעגט זיך ווידער. פויזע).

**מענדיל** (לויפט אריין אין שטוב. פערשליסט די טיהר אויפ'ן שלאס. אויפ'ן קאפ ניטא קיין היטעל. די האר אין גרויס אונארדנונג. די זאכען אויף איהם איז אויף פאסען צוריסען, און ס'הענגט ארום איהם שמאטעס. לויפט אום הין און צוריק. בלייבט שטעהן פלוצלונג און פערטראכט זיך שטארק. פאנגט ווידער אן אומלויפען).

**אברוש** (זינגט פון שלאף הייזעריג). מן—ה-מ-צררר...צר...צצר...

**מענדיל** (ווארפט זיך ארויף ווי א ווילדע חיה אויף אברוש'ן און פאנגט איהם אן שטיקען מיט א ווילדען ברומען. אברוש צאפעלט זיך מיט די הענד און מיט די פיס. מענדיל ציהט-זיך אויף איהם אויס מיט זיין גאנצען קערפער און שטיקט איהם מיט אלע כחות. ביי א פאר מינוט ליגט ער אויף אברושען ברומענדיג אונפערשטענדליכע ווערטער. ער הויבט זיך אויף. קוקט זיך ארום ווי פערוואונדערט, פרובט אויפהויבען אברושעס האנד, נאכהער זיין פוס. אברוש ליגט אונבעוועגליך. מענדיל קריכט אראב פון בעט און טרייסעלט אברושען, שרייט: „אברוש!... „אברוש"! אברוש—א? א—אברוש?! רייזעל! רייזעל! שטעהט א ווײלע אויף איין ארט ווי א פאר שטיינערטער. פלוצלונג פאנגט ער אן שפרינגען ווילד און זינגט:)

אויפ'ן לאנקע, אויפ'ן לאנקע, פייגלאך פליהען!
אויפ'ן לאנקע, אויפ'ן לאנקע, פערדלאך שפרינגען!
אויפ'ן לאנקע, אויפ'ן לאנקע, גענזלאך, גענזלאך!

(שטעהט א ווײלע שטארק פערטראכט, דער קאפ אראבגעהאנגען. ערוואכט זיך, פאנגט אן זוכען און שרייען): רייזעל? רייזעל! רייזעל! (קוקט אונטער'ן בעט, אונטער די טאפטשאנעס, געהט צו צו אברושען און זוכט אונטער איהם. רופט) רייזעל? ריי—זעל! רייזעל! געה ארויס! געה



ארויס, זאג איך דיר. איך וועל ניט לאזען די מאמע זאל דיר שלאגען... (הערט זיך צו) געה ארויס זאג איך דיר. די מאמע איז ניטא — נעה ארויס! (זינגט).

אויפ'ן לאנקע, אויפ'ן לאנקע—פערדלאך שפרינגען!
אויפ'ן לאנקע, אויפ'ן לאנקע—פייגלאך פליה-ען!...

(שמעקט די קליידער ויינע און פערקרימט זיך שטארק). פוט-פוט-פוט, אברוש, אברוש! הא—הא! הא—הא—רייזעל, קום אהער, קום צו מיר, גיכער, גיכער! זעה ס'אשיינער „חתן" איך בין! הא-הא, קום אהער! (שלעפט ארויס פון אונטער'ן בעט זיין טשעמאדאן, וויל איהם עפענען, נאר ער איז פערשלאסען. פערמעסט זיך צום טשעמאדאן מיט כעס: „נו, עפען זיך! עפען זיך! קלאפט איהם מיט ויינע פיס. געפינט ערגעץ אין א ווינקעל דעם האק און פרובט מיט איהם עפענען דעם טשעמאדאן. געהט פלוצלונג צו צו אברושען) טאטע! טאטע! א, טאטע? (טרייסעלט איהם פאר'ן האנד) טאטע — שטעה אויף! שטעה אויף! חא—חא—חא— שטעה אויף טאטע! (שפרינגט נעבען בעט) שטעה אויף אברוש... א סך פערד, פערד האב איך געבראכט. — פערד!... (טרעט אב אין א זייט, זינגט)

אויפ'ן לאנקע, אויפ'ן לאנקע, פערדלאך, פערד-לאך!

(פרובט נאך אמאל עפענען דעם טשעמאדאן) ע-ע-ע! דארט איז רייזעל! הא—הא—הא! (לעגט צו דעם אויער צום לעכעל פון שלאס און הערט) זאג, דו ביזט דארטען? א? דארטען? עפען! עפען! זעה, איך גיב דיר א סך געלד, א סך געלד! (נעמט ארויס פון קעשענע זיין טייסטערעל, שיט אויס די גאנצע געלד אויפ'ן דעק פון טשעמאדאן און קלינגט מיט זיי:) הער רייזעל! א סך געלד גיב איך דיר, געה ארויס! עפען! עפען! (קלאפט מיט די פיס) עפען, מהום — וועסט חרטה האבען (נעמט שנעל אראב דאס געלד פון טשעמאדאן, בעהאלט אין קעשענע, שפרינגט מיט די פיס אויפ'ן דעק) הא! הא! הא—הא! (קריכט אראב. צוהאקט מיט'ן האק דעם דעק, רייסט אראב דאס לייוועגד, און דורך דער לאך קוקט ער אריין אינוויינינג), נו. וועסט שוין ארויסגעהן? (נעמט ארויס איינציגווייז די זאכען פון טשעמאדאן. בעקוקט יעדער זאך בעזונדער מיט גרויס כונה און לעגט אין אזייט... ביסלעכווייז ליידיגט ער אויס דעם גאנצען טשעמאדאן. זוכט צווישען די מלבושים. רופט:) רייזעל, וואו ביזטו? זאג! (וויינט) וואו ביזטו? קום צו מיר! (ער קערט איבער דעם טשעמאדאן, טרייסעלט איהם און קוקט צו איז פון איהם גאר ניט ארויסגעפאלען. שטעהט א ווײלע אויף אנ'ארט און האפנונגלאז קוקט ער זיך ארום. פאנגט אן ארומלויפען איבער'ן צימער אין דער לענג און אין דער ברייט. שטעלט זיך אב ביי אברוש'עס בעט און קוקט איהם אן א ווײלע. געהט פלוצלונג אוועק פון איהם. שטעקט אריין די הענד אין די צופודעלטע האר און שרייט:) „אין שול א—ריין"! (קוקט זיך צו צו ויינע זאכען און בעמערקט, אז זיי זענען צוריסען. מיט א וואונדערליכע שנעלקייט פאנגט ער אן צו רייסען פאסען פון זיין אויבערשטען בגד, יעדער פאס צורייסט ער

אויף גאר קליינע שטיקלאך, ווי ווייט נאר ער קען עס בעגרייפען — שמעקט יעדער שטיקעל און מיט עקעל שליידערט ער אוועק, נעמט זיינע שבת'דיגע זאכען, פוצט זיי ארום. שמעקט פון זיי עטליכע מאל, פוצט ארום די שיך. ציהט ארויף די שבת'דיגע קליידער אויף די שמאטעס וואס עס הענגט אויף איהם. נעמט אראב פון וואנד זיין שבת'דיגע הוטעל און טהוט זי אן. דאס אלץ ווערט געטאהן מיט א ווילדע שנעלקייט, אין א משוגנהדיגען אינטערעס. די איבעריגע זאכען לעגט ער צוריק אין טשעמאדאן, שטעלט איהם אונטער'ן בעט. ברענגט אלץ אין ארדנונג. א ווייל שטעהט ער אויף אנ'ארט פערטראכט. ווענדעט זיך פלוצלונג צום טיהר און לויפט ארויס. פויזע).

מענדיל (לויפט ווידער אריין. שמעקט זיינע הענד און פערקרימט זיך שטארק, געפינט א מעסער און פאנגט אן שאבען די הויט פון זיינע הענד. שניידט מיט'ן מעסער אב בינטלאך האר פון זיין קאפ און פון בארד, וואכט א ווייל אין אלע ווינקעלאך גאר ניט רעדענדיג. געפינט אויף א פענסטער א שטיקעל שפיגעל-גלאז, קוקט זיך אין דעם איין. שליידערט דאס שטיקעל שפיגעל-גלאז און לויפט ארויס. א פאר מינוט שטיל).

רייזעל און בערעל חזיר (קומען אריין).

בערעל חזיר. די „נבלה" ימח שמו זאל ער ווערען! ער איז ניטא. איך וועל איהם דעם שארבען אראבנעמען — א פייער אויף איהם! (קוקט זיך ארום) אבּרוש שלאפט? (נעמט רייזלען פאר'ן האנד. פיהרט איהר דורך א פאר מאל איבערן קעלער, ווי צום טאנצען). שיכעלאך אביסעל! פופע! ביזט דאך א פופע — קאק יא זדראוו! (דריקט איהר פעסט צו צו זיין ברוסט) וואס האט געזאגט די „נבלה" א?...

רייזעל. ער האט געזאגט, אבער אבי איך גלויב איהם ניט, — ער האט עס פון כעס געזאגט, אודאי, פון כעס.

בעריל. אבער זאג, וואס האסטו מורא?

רייזעל. אויף מיינע נאמנות; מיר הארט ניט וואס ער האט געזאגט.

בעריל (לאזט איהר אב). רייזעלע, וועסט חרטה האבען אויב דו וועסט מיר ניט זאגען.

רייזעל. ביזט, בעריל, א גרויסער „עקשן".

בעריל (פערמעסט זיך מיט'ן פינגער). וועסט רייזעלע חרטה האבען.

רייזעל. אז איך וויל ניט דערצעהלען, מסתמא ווייס איך דאך פאר וואס.

בעריל. מעהר רעד איך ניט. „בעריל" האט פיינד גרויסע טענות מאכען.

רייזעל (שטיל). ער האט געזאגט, אז דו שינדסט אייך גע'פגר'טע פערד...

בעריל (צוטומעלט, פערשעמט). וואס?! ווער האט געזאגט?!



די „נבלה"! וואו איז ער? איך וועל אין איהם קיין גאנצען גליד ניט לאזען! די „נבלה" האט געזאגט? (שווייגט א ווייל) הא—הא, מענדיל נבלה; ער וועט מיר שוין געדענקען דעם גאנצען לעבען זיינעם. (קוקט אן רייזלען), און דו האסט געגלויבט?

רייזעל. וואס ביזטו אזוי אין כעס? כ'האב דאך דיר געזאגט, אז איך גלויב איהם ניט, אדרבה. איך האב איהם געזאגט, אז ער זאגט א ליגען. פון דיר, האב איך איהם געזאגט, שמעקט ווי פון „אריסטאקראט"...

בעריל (צופרידען). ס'מאכט ניט אויס! כ'האב דאך דיר געזאגט, פופע, אז בעריל קען אלץ (טראכט א ווייל), וועסט נאך זעהן, רייזעל, א זייגער מיט א גאלדענער קייט — מיט א גאלדענער קייט וועל איך דיר קויפען.

רייזעל. די מאמע — איי, איי, וועט זי טאנצען — זי וועט מיר די קאלטענעס מיינע אויסרייסען.

בעריל (מיט כעס). איך וועל קומען אהער. ניין — איך וועל בעסער ווארטען ביז זי וועט קומען, איך וועל צוגעהן צו איהר. איך וועל עס איהר אננעמען פאר'ן קאלנער און איך וועל עס איהר זאגען: „הער נאר ביינע, ביינקע! אויב דו וועסט נאר פרובען נאך אמאל אויפהויבען א האנד אויף רייזלען — איז דא פון דיר א „קאניעץ" אויף אנ'ארט! דו, רייזעל, זאלסט נאר שווייגען — קוקען און שווייגען (שאקעלט איהר האנד), ביזט מסכים?

רייזעל (שווייגט).

בעריל. ביזט מסכים? ניין? א, זאג!

רייזעל (שוואך). פונדעסטוועגען איז זי דאך מיינע א מאמע.

בעריל. און אז זי איז א מאמע — איז וואס? אזא מאמע? שפיי איהר אין צורה! „רייזעל איז מיינע" — וועל איך איהר זאגען: „בעריל" קען אלץ בעווייזען.

רייזעל (קוקט איהם אן, שמייכעלט). איך בין דיינע

בעריל. וואס זאגסטו?

רייזעל. איך בין שוין דיינע?

בעריל קוקט אן רייזלען. צוטומעלט).

רייזעל. וואס קוקסטו מיר אזוי אן?

בעריל (קאכט זיך). הער רייזעל; (רעדט לאנגזאם, פערמעסט זיך מיט'ן פינגער) דו האסט גערעדט מיט דער „נבלה"? מיט'ן

„פגר“? ער האָט מיִט דיִר וואָס גערעדט... ער האָט — הער ריִיזעל: ראשית וועל איִך נעמען דער „נבלה“ און כ'וועל צוריִיסען וויִ אַ הערינג, איִך וועל איִהם זיין שאַרבען אַראָבזועצען — הערסט וואָס איִך זאָג דיִר? און צווייִטענס — ריִיזעל?! ריִיזעלע! דו ווייִסט, אַז איִך בּיִן „בעריִל חזיר“? מיִט מיִר זאָלסטו ניִט מאַכען קיין „פונקעל־מונקעל“, איִך בּיִן „בעריִל חזיר“ בּיִן איִך.

ריִיזעל (אונרוהיִג). וואָס שרייסטו אַזוי אויף מיִר? וואָס סטראַשעסטו זיִך אַזוי?

בעריִל (שאָקעלט מיִט'ן קאָפּ). ריִיזועלע...

ריִיזעל. זאָגסט, אַז דו וועסט שלאָגען מיין מאַמען — איִך וויִל ניִט, אַז דו זאָלסט שלאָגען מיין מאַמען.

בעריִל. און דער „נבלה“?

ריִיזעל (בייט אום דעם טאָן). בערעלע... (כאַפּט איִהם פאַר'ן האַנד) קום לאָמיִר געהן אַ פּאָליקע; לאָמיִר זיִך לערנען טאַנצען בּיִז דיִ מאַמע וועט קומען.

בעריִל. אָבער ענטפער מיִר אויף דעם, וואָס כ'האָב דיִר געפרעגט...

ריִיזעל. וואָס?

בעריִל. וויִלסט אַ זייִגער מיִט אַ גאָלדענער קייִט?

ריִיזעל קאָקעטיִש). ראשית נעם מיִר אויף אַ קלייִד שטאָף, אויב דו וויִלסט זיין אַ „מאַלאָדיעץ“; זעהווי דיִ קלייִד איִז צוריִסען — ס'פּאַסט גאָר ניִט צו דיִ נייע שיִך.

בעריִל קוקט איִהר גלייך איִן פנים). וואָס וועט זיין דאַנאָך?

ריִיזעל (שמייִכעלט). דערנאָך וועל איִך האָבען נייע שיִך מיִט אַ נייע קלייִד...

בעריִל (איִך כעס). מיִט מיִר שפּיִל זיִך ניִט, בעט איִך דיִר — ווער ס'וויִל זיִך שפּיִלען מיִט'ן „בערלען“ וועט גוט ניִט אָבשניידען! (קלייִנע פּויזע).

ריִיזעל. בעריִל!

בעריִל. וואָס?

ריִיזעל. איִך בּיִן אַ שייִנע — אַ?

בעריִל (שווייגט קוקט פערטראַכט איִן איין פּיִנטעל).

ריִיזעל (טרעט אָב איִן אַ זייט און זיִנגט פריילעך:)

אויפ'ן הויכען באַרג, אויפ'ן גריִנעם גראָז
זיִצען פּאַנעס צווייִ;
שייִנע בחורים מיִט דיִ פראַקען —



קו—מען דאָרט צו זייִ...
קומען דאָרט צו זייִ!

בעריִל (ערוואַכענד). זאָג, וואָס זיִנגסטו, אַ? ריִיזעל, אַ?

ריִיזעל (זיִנגט).

אוּן דיִ פּאַ—נעס ליִבען זייִ, און דיִ פּאַנעס...

בעריִל (געהט צו צו איהר). זאָג מיִר ריִיזעל וואָס זיִנגסט אַזוינס?

ריִיזעל (צופריִדען). דו הערסט דאָך, אַז דאָרט אויף אַ באַרג איִן גראָז, לעבען וואַלד, מסתמא, זיִצען שייִנע פּאַנעס און צו דיִ פּאַנעס קומען קאַוואַליערען און זייִ האָבען זייִ ליִעב — און גאָר (גיִט איִהם אַ קלעפּעל איִבער'ן פּלייִצע).

בעריִל (נאָך אַ קורצען שווייגען מיִט אַ רחמנות'דיִגען קול). ריִיזעל, ריִיזעל! זאָג בעסער...

ריִיזעל (האַקט איִהם איִבער). הער בעריִל; דו וועסט זאָגען מענדלען, אַז ער זאָל ניִט סמייִען מעהר רעדען צו מיִר?

בעריִל. וואָס האַרט דיִר? מעגסט זיִך שוין פערלאָזען אויף מיִר; אַז איִך וועל איִהם זאָגען, וועט ער שוין האָבען צו געדענקען אויפ'ן גאַנצען לעבען!

ריִיזעל (סעריאָזנע). כ'האָב איִהם פיינד. כ'קען ניִט קוקען אויף איִהם—טפוי—איִך שפּיי אויף איִהם. אַ שטיִק פגירה! איִך לאַך ניִט, בעריל, ער האָט מיִר געזאָגט, אַז איִך זאָל מיִט איִהם חתונה האָבען—חאַ—חאַ—חאַ! זאָג איִהם בעריִל, ער זאָל זיִך בעסער ניִט שטעקען...

בעריִל. פערלאָז זיִך אויף מיִר. איִך וועל נאָך איִהם פאַר אַלץ בעצאָהלען. איִך וועל איִהם נאָך בעווייזען ווער איִז אַ „שיִנדער“ (שטאַמעלט) ריִיזעל! הערסט, דאָס לעצטע וואָרט... הערסט — מיין לעצטען וואָרט... (רעגט זיִך) דו דאַרפסט וויִסען מיִט וועמען דו מאַכסט „קונקעל מונקעל“.

ריִיזעל (נעמט איהם אַרום). האָסט עס מיִר אַזוי ליִעב?

בעריִל (שווייגט).

ריִיזעל. בעריִל, זאָג מיִר דעם אמת...

בעריִל. ריִיזעל... ריִיזעל... (דיִ ווערטער ווערגען איִהם איִן האַלז) הערסט, איִך שווער דיִר... איִך... אַז איִך זאָג... פערשטעהסט — אַז בעריִל זאָגט... גענוג! (ער קוקט איִהר אָן וויִ ער וואָלט וואַרטען אויף אַ תשובה. טרעט אָב פון איִהר און פאַנגט אָן אומגעהן איִבער'ן ציִמער.

בריינע (קומט אַריין. טראָגט צווייִ קערב פּיִש אויף דיִ הענד. קרעכצט. וואַרפט אַ שאַרפען בליִק צו ריִיזלען. שטעלט אַוועק דיִ קערב און

בלייבט זיצען דער קאָפּ אַראָבגעהאַנגען).

רייזעל (געהט צו צו ברײנען). וואָס איז דיר, מאַמע?

ברײנע (שווייגט).

רייזעל. וואָס איז דיר?

ברײנע (מיט אַ שאַרפֿע שטימע). אַוועק פֿון מיר, משומדת!

בעריל (בלייבט שטעהן אויף אַנ'אָרט. קוקט ביז צו ברײנען.

רייזעל. וואָס איז, אַז איך פֿרעג?

ברײנע. אַוועק פֿון מיר! איך צופלעט דיר באַלד דיין קאָפּ מיט אַ שטיק האָלץ... איך וועל זיך מיט יסורים אַרום שלע-פען אין די גאַסען און זי וועט הוליען אין שטוב... כ'האָב קיין כח ניט דיר צו קאָרמענען! (זי בעמערקט נייע שיך אויף רייזעלס פּנים), וואָס איז עס?... שיך? נייע שיך?!... וואו האָסטו זיי גענומען? אַ?... זאָלסט מיר זיי שוין אויסטאָהן! די מינוט — זאָלסטו זיי אויסטאָהן! און אויב ניט — (נעמט אַ שטעקען) טהו אויס משומדת!

בעריל (געהט לאַנגזאַם צו ברײנען). ברײנע... (ציהט די ווערטער) ברײנע! איך הייס דיר אויפֿהערען, הערסט? איך „בעריל חזיר" הייסט, און פרוב נאָר ניט פֿאָלגען!

ברײנע (מיט אַ ווילדען כעס). ווער ביזטו. ווער ביזטו עס, זאָג מיר! דו וועסט מיר אַ דעה זאָגען וואָס צו טאָהן מיט מיין טאָכטער, אַ?! חזיר! חזאַק! חזיר'איסקאָ! (טופעט מיט די פּנים).

בעריל (מיט ישוב הדעת). איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, אַז דו זאָלסט צו מאַכען דיין פּיסק. ברײנע! איך הייס!... און אויב ניט, וועל איך דיר איהם פֿערמאַכען!

רייזעל (שלעפט בערלען אין אַ זייט). בעריל, בעריל הער אויף

בעריל (שטייסט איהר אָב). אַוועק פֿון טיהר. (צו ברײנען) רייזעל איז מיינע... מיינע איז זי, דו פֿערשטעהסט? האָסט אויף איהר קיין פראַוו ניט! מיינע איז זי (קוקט צו רייזלען).

ברײנע (נאָך אַ קורצען בעטראַכטונג). דיינע איז רייזעל?? דיינע?? חזיר! דיינע?! (גיט רייזלען אַ פּאַטש) מיינע איז רייזעל... זי איז מיינע—מיין טאָכטער! מיין טאָכטער, (גיט איהר נאָך אַ פּאַטש) איך בין איהר מאַמע!...

בעריל (שליידערט ברײנען צו אַברושען) אַוועק פֿון מיר! איך זעץ דיר באַלד דעם שאַרבען דיינעם אַראָב!

ברײנע (מאַכט אַ געוואַלד) געוואַלד! ער וויל מיר הרג'ענען! (ווענדט זיך צו אַברוש'ן) אַבא! אַבא! אַברוש גנב! שטעה אויף גי-בער! געה רוף פּאָליציע גיכער, אַברוש גנב! (רייסט איהם פֿאַר זיי-נע האָר) אַברוש! אַ מיתה משונה אויף דיר, שטעה אויף! געה



רוף פּאָליציע (פּלוצלונג דערשראָקען שפּרינגט אָב אינטערזיך), וואָס איז עס?!... שמע ישראל!—אַברוש! אַבא! אַבא! ער איז טוידט!... ער האָט גע'חלשט... רופט מענשען, גיכער רופט מענשען! ראַטעוועט!...

רייזעל (שטעהט פֿון ווייטען, ציטערט פֿון קעלט).

בעריל (געהט צו צום בעט, פרובט וועקען אַברושען). אַבא! ר' אבא! (שאָקעלט איהם פֿאַר'ן האַנד) ער האָט גע'חלשט! גיט וואַסער! גיט וואַסער! (ס'ווערט אַ געטומעל אין שטוב).

אַ שטימע (פֿון אינטער'ן טיהר).

אויפֿ'ן לאָנקע, אויפֿ'ן לאָנקע, פֿייגלאַך פֿליה—ען...

(אַ קליינע ווײלע בלייבען זיי אַלע שטעהן און הערען זיך צו).

מענדיל (קומט אַריין. פֿון זיין פּנים רינט בלוט און ער ציטערט פֿון קעלט. די זאַכען זענען אויף איהם צוריסען. מיט אַ שמייכעל קוקט ער אַלעמען אַרום. די הויז-לייט קוקען איהם אָן פערוואונדערט און צושראָקען. פֿון גאַס הערט זיך שרייען קינדערשע קולות „אין קעלער איז ער, אין קעלער איז ער!" מענדיל מאַכט משונה'דיגע גרימאַסען. שמעקט אין לופֿט), פּוט-פּוט! פּוט-פּוט — (שמעקט די הענד זיינע, פֿאַנגט אָן מיט די נעגעל צו רייסען די הויט פֿון די פֿינגער. פֿון די פֿינגער טריפֿט בלוט).

רייזעל (אַ דערשראָקענע) ראַטעוועט! ראַטעוועט! ער איז משוגע!

מענדיל (געהט לאַנגזאַם צו אַברושעס בעט און זינגט:) מענ-דיל נב—לה... אַברוש... מענדיל—נבלה... אויפֿ'ן לאָנקע, אויפֿ'ן לאָנקע...

(פֿאָרהאַנג.)

# נײַע ביכער

פֿון

## ביכער־פֿערלאַג „די וועלט".

| | | פּרײַז | פּאָרטאָ |
|---|---|---|---|
| 71) | לנ. דער אידישער פּראָלעטאַריאַט | 12 קאָפּ. | 2 |
| 72) | די מלוכה אָרדנונגען | 30 „ | 6 |
| 73) | ד. קאַסעל. נישט בעוויעגט (אַלעגענדע) | 6 „ | 2 |
| 74) | מ. גאָרקי. דער קעניג וואָס האַלט הויך זײַן פּאָהן | 3 „ | 2 |
| 75 | וו. ווערעסאַיעוו. צום שטערען (אַ מעשה׳לע) | 3 „ | 2 |
| 76) | א. סעראַפֿימאָוויטש. אין דער צײַט פֿון אַ פּאָגראָם | 6 „ | 2 |
| 77 | א. ש. זאַקס. דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם | 25 „ | 6 |
| 78) | ק. קאַוטסקי. די בעפרײַאונגס בעוועגונג אין רוסלאַנד מיט אַנאָכוואָרט פֿון א. געמאַנסקי | 10 „ | 2 |
| 79) | ד. קאַסעל. מאירקע פֿון קליינעם כּונה | 5 „ | 2 |
| 80) | מ. טײַטש. 1) בײַם שייד־וועג. 2) די שנעע־רויז | 5 „ | 2 |
| 81) | ס. באָגאַטין. עטהיק און מאַרקסיזם | 6 „ | 2 |
| 82) | א. ניעמאָיעווסקי. פֿרײַהײַטס־קעמפּפער איבערזעצט פֿון פּויליש: אָלגין | 7 „ | 2 |
| 83) | דאָבראָוו. די ענגלישע רעוואָלוציע | 25 „ | 6 |
| 64) | פּרץ הירשביין. נבלה | 15 „ | 4 |
| 86) | אַ. ווײַסענבערג. די משוגע׳נע אין דאָרף | 7 „ | 2 |

